# וועגן וועגערישע

— און —

# געשלעכטלעכע קראנקהייטן

פון דר. מאַרקאָס דינער



ארויסגעגעבן
פון בוכהאנדלונג און פארלאג
ג. קאַפּלאַנסקי
קאָריענטעס 2614

בוענאָס איירעס 1935

# וועגן ווענערישע

— און —

# געשלעכטלעכע קראנקהייטן


פון **דר. מאַרקאָס דינער**

דאָקטאָר־מעדיצין

פראָפעסאָר פון פילאָזאָפיע; ספעציאַליסט פון שפיטאָל ראַווסאָן; ספעציאַליסט פון דער נאַציאָנאַלער קאַסע פון בענק־כוביל־אַציעס; ערן־געהילף ביי דער קאַטעדרע פון געשלעכטס־ און אורין־קראנקהייטן; עקס שעף פון פראַקטישע אַרבעטן אין מעדיצינישן פאַקולטעט אין בוענאָס איירעס; עקס שעף פון קאָנסולטאָריאָ פון געשלעכטס־ און אורין־קראנקהייטן אין שפיטאָל פון קליניקאס; עקס ערן־געהילף ביי דער קאטעדרע פון היסטאָלאָגיא אין מעדיצינישן פאקולטעט; עקס טיטולאר געהילף פון אנאטאָמישן אינסטיטוט ביים מעדיצינישן פאקולטעט; עקס פראקטיקאנט טיטולאר אין נאַציאָנאַלן שפיטאָל פון קליניקאס.


•


ארויסגעגעבן

פון בוכהאנדלונג און פארלאג

ג. קאַפּלאַנסקי

קאָריענטעס 2614

בוענאָס איירעס 935




# אינהאַלט:

# וועגן ווענערישע
# און געשלעכטלעכע
# קראנקהייטן

ע ר ש ט ע ר  ק אַ פּ י ט ל

# די סאָציאַלע באַדייטונג פון דער טעמע

דער מאָטיוו, וואָס עס האָט מיר געפירט צו שרייבן אין אַ קלאָרער, איינפאַכער און פאַרשטענדלעכער פאָרם וועגן דער אויבנ־באַצייכנטער טעמע, פאר נישט באַהאַוונטע אין די מעדיצינישע ווי־סנשאַפטן, איז, כדי צו געבן אן אויפקלערונג פאַר אלע סאָציאַלע שיכטן פון אונזער קאָלעקטיוויטעט וועגן דער באַדייטונג פון די דערמאַנטע קראנקהייטן, וועלכע זיינען זייערע געפארן און דער אופן פון קענען זיי אויסמיידן, אָדער זיך פאַרהיטן פון זיי און, באַ־זונדערס, געבן א קלאָרן באגריף וועגן די אורזאכן פון די זעלבע, וועגן זייער שורש און וועגן דער פאָרם פון זייער קעגנזייטיקער באַ־ציאונג און ווירקונג. כדי אזוי ארום אויפצוקלערן די אומקלאָרקייט, וואָס עקזיסטירט נאָך ביי א סך פערזאָנען אין באַצוג צו די דאָזיקע קראנקהייטן. עס זיינען פאראן א סך מענטשן, וואָס פרעגן מיר נאָך, אויב א טריפּער קען מיט דער צייט פארוואנדלט ווערן אין א סי־פילים, אָדער אויב די מאַסטורבאַציע אָדער אָנאַניזם קען פאראורזאכן די אַנטוויקלונג פון א וועניערישער קראנקהייט.

דאָס איז א האַנט-בוך, וואָס קען געלייענט ווערן דורך דער־וואַקסענע און קינדער, אַזוי אויך דורך פּערזאָנען פון ווייבלעכן גע־שלעכט. דעם לייענער וועט עס ברענגען א סך נוצן. אַ סך צווייפ־לען וועלן אים אויפגעקלערט ווערן און מער פון אַלץ, א סך טראַגישע באַגריפן וואָס עס פאַרשפּרייטן ניט קיין באַזונדערס ערלעכע פּער־זאָנען, וועלכע שפּעקולירן מיט דעם סאָרט קראַנקהייטן, אָדער דורך פּערזאָנען, וועלכע זיינען אײנפאַך איגנאָראַנטן, וועלן צעשטערט ווערן דורך דאָס אַוועקשטעלן די זאַכן אין זייער ווירקלעכער ליכט.

איך גלויב נישט, אז אויסדריקן דעם אמת, אויב אפילו אין אביסל א האַרבערער פאָרם, זאָל זיין א פאַרברעכן, און אויב איי־ניקע, וואָס וועלן דעם ביכל לייענען, וועלן זיך פילן פאַרביטערט דורך זיין אינהאַלט, וועלן מיר דאַרפן אנטשולדיקן אָט די האַרבקייט, ווייל אלץ וואָס דאָ איז אָנגעשריבן, איז מיטן ציל צו דינען אַלס אַ לערע און איז דורכגעדרונגען מיט אַ געזונטן מיין.

מיין גרעסטער וואונטש איז, אז פון דער לערע, וואָס עס וועט זיך באַקומען פון איבערלייענען דאָס ביכל, זאָל בלייבן אַן אָפּזאַץ, וואָס זאָל דינען פאַר דעם מענטש אַלס גייסטיקע פאַרטיידיקונג קעגן דער ווענערישער שלעכטס און קעגן דער געשלעכטלעכער פאַרדאַר־בנקייט.

די ווענערישע און געשלעכטלעכע קראַנקהייטן, באַזונדערס די ערשטע, שטעלן מיט זיך פאַר אמתע געזעלשאַפטלעכע פּלאָגן, ניט נאָר דורך זייער באַדייטונג אַלס קראַנקהייטן, נאָר אויך דורך דער גרויסער סאָציאַלער ווירקונג, וואָס זיי שטעלן מיט זיך פאָר פאַר דער צוקונפט, ווייל זיי רירן אָן, באַזונדערס, די יונגע אינדיווידן, די

וויטאלע כוחות פון דער געזעלשאפט. די ווענערישע קראנקהייטן, וועלכע ווערן זייער ריכטיק אָנגערופן דורך די אויבן אויסגעדריקטע מאָטיוון, סאָציאלע קראנקהייטן, פאראורזאכן א סעריע פון צערו־דערונגען, וואָס הויבן זיך אָן אין דעם אינדיווידום, ווענען זיי מאַכן א סך מאָל ארבעטס - אומפעאיק און ווערן פאָרגעזעצט אין זיין פאמיליע און אין דער געזעלשאפט

דורך זייער אוניווערסאלער פארשפרייטונג שטעלן זיי מיט זיך פאָר א שלעכטס וואָס רירט אָן אלע טיילן פון דער וועלט; דאָס זיינען קראנקהייטן וואָס עקזיסטירן פערמאנענט אין אלע לענדער. איינע „מער פאַוואָריזירטע" ווי אַנדערע, וואָס עס איז שייך דער צאָל פון קראנקע. זיי שטעלן מיט זיך פאָר א שטענדיקע זאָרג פאר די אויפריכטיקע מלוכה-מענער, וואָס שטודירן זיי אויסצואוואָרצלען אין יעדער פאָרם. וואָס עס מאַכט באזונדערס אומאָנגענעם די אויפ־גאבן פון באקעמפן די דאָזיקע קראנקהייטן, איז דאָס, וואָס טראָצ־דעם, וואָס עס זאָגן און שרייבן פארשידענע שארלאטאַנעס און פלאפלער, איז נאָך אלץ ניט אויסגעפונען געוואָרן קיין ראדיקאלע הייל-מיטלען קעגן זיי. אזוי, אַז די איינציקע רפואה איז נאָך אַלץ אן אינטענסיווע באהאנדלונג פון יעדן קראנקן דורך די קלאסישע אָנגענומענע מיטלען און די דערציאונג פון קראנקן אין דער היגיענע, אז ער זאָל זיך נישט פארוואנדלען אין אן אָנשטעקונג פאר אנדערע, א דערציאונג, וואָס איז געווענדעט איבער אַלץ צו דער מאָראל און געוויסן פון קראנקן. עס זיינען אויך נישטאָ קיין אבסאָלוטע פארהי־טונגס־מיטלען קעגן די ווענערישע קראנקהייטן. די באוואוסטע אנטי־ווענערישע זאַלבן ווירקן ניט אָפטמאָל, און די, וואָס עס באהויטן דאָס פארקערטע, שטעלן אויס דעם, וואָס נוצט זיי צו דער געפאר

ווירקלעך אָנגעשטעקט צו ווערן. דער וואָס נעמט אָן אָט די זאלבן ווי אַן אבסאָלוטן פארהיטונגס-מיטל און דורך דעם אליין רעכנט ער צו זיין פארזיכערט פון יעדער געפאר, נארט זיך אליין. איך וויל אויך ניט, אבסאָלוט פאַרזיכערן, אַז די פאַרהיטונגס-זאַלבן זאָלן אינגאנצן ניט ווירקן; אין א געוויסן פראָצענט פארהיטן זיי פון אָנשטעקונג, אָבער דער פאקט אַליין, וואָס עס עקזיסטירט אַ געוויסער פראָצענט פון דורכפאַלן, (אין אלגעמיין פון 30 ביז 40 פראָצענט), באווייזט שוין זייער רעלאַטיווע נישט ווירקזאמקייט. אַ סך שטעקן זיך דאָך נישט אָן אַפילו, ווען זיי נעמען נישט קיין שום פארהיטונגס-מיטל, וואָס עס דערווייזט, אז י ע ד ע ר אָ ר ג אַ נ י ז ם פ אַ ר מ אָ ג ט א ב אַ ז ו נ ד ע ר ע ווידער-שטאַנדספעאיקייט וואָס פאַרמיידט די אָ נ ש ט ע ק ו נ ג; אָבער מען טאָר ניט געטרויען שטאַרק אָט דער ווידערשטאַנדספעאיקייט, ווייל אָפטמאָל קאָן זי דורכפאַלן. וואָס זשע טוט מען פאָרט? — וועלן מיך אייניקע פרעגן. זייער איינ-פאַך, עס לוינט צו נוצן די פארהיטונגס מיטלען, ווייל אין א גע-וויסן פראָצענט זיינען זיי דאָך ווירקזאם, אָבער מען דארף נישט באגיין די נארישקייט צו גלויבן, אז ד ו ר כ ד ע ם א ל י י ן איז מען שוין אויסגעהיט פון אָנשטע-קונג, און דערנאָך פארלאָזן יעדן קרענקלעכן סימפטאָם, וואָס קען זיך באווייזן. איך האלט אויסדריקלעך, אז אויפן געביט פון וועגערישע קראנקהייטן דארף מען זיין זייער פאָרזיכטיק.

אין דעם קאמף קעגן די וועגערישע קראנקהייטן איז נויטיק צו דערגרייכן א געזעלשאַפטלעכע דערציאונג אין אַזאַ פאָרם, אַז דער עלעמענט פון דער געזעלשאַפט, וואָס וועט פאַלן אלס

קרבן פון זיי, זאָל זיך קענען אויפפירן אַזוי, אַז ער זאָל נישט פאַר־שטעלן מיט זיך א געפאר פאר די, וואָס רינגלען אים ארום, און איינע פון די בעסטע פאָרמען פאר אָט דער דערציאונג, איז טאַקע דאָס אויפקלערן דעם פאָלק אין אַלע זיינע סאָציאַלע קלאסן, אין וואָס עס באשטייען אָט די קראנקהייטן, וועלכער איז זייער שורש און וואָס זיי ברענגען מיט זיך. קענענדיק די געפאַר איז זי א סך לייכטער אויסצומיידן און באקעמפן.

איינע פון די מער ערנסטע אורזאכן, וואָס באשווערן די אקציע קעגן די וועניערישע קראנקהייטן, איז דער אומזיניקער פאָראורטייל, וואָס עס עקזיסטירט אין באַצוג צו זיי. אָט דער איינגעוואָרצלטער באגריף, אז עס האַנדלט זיך וועגן אומאָנשטענדיקע קראנקהייטן, פון וועלכע עס איז א חרפה צו דערציילן, איז דער מאָטיוו ניט נאָר פון דער ברייטער פארשפרייטונג פון די זעלבע, נאָר אויך פון די פיל אומגליקן, וואָס עס פאַלן אויף דעם וואָס האָט זיי; בחורים שטעקן אזוי אָן זייערע פאָטערס און ברידער; חתונה געהאטע מע־נער שטעקן אָן זייער פרוי און קינדער, אלץ דורך דער פאלשער חרפה, וואָס פאראורזאכט אזויפיל טראגעדיעס. אויב אפילו א קראַנקער, צוליב גאנץ לייכט פארשטענדלעכע מאָטיוון, וויל האלטן זיין קרענק בסוד, קען ער עס זיכער טאָן, אָבער ארומרינגלענדיק זיך מיט פארהיטונגס-מיטלען, וואָס יעדער ערנסטער דאָקטאָר קען עס אים דערקלערן און אָנווייזן, כדי ער זאָל אזוי ארום ניט פאָרשטעלן מיט זיך קיין געפאַר פאר זיינע נאָענטע.

# ווענערישע קראנקהייטן און געשלעכטס־קראנקהייטן

ווענערישע קראנקהייטן זיינען די, וואָס קומען דורך אָנשטעקונג, פון דער פרוי צום מאַן אָדער פאַרקערט, און וועלכע האָבן שטענדיק אלס באַשטימטע אורזאַך אַ געוויסן מיקראָב: פאַר דעם סיפילים — דער בלייכער טרעפאָנעם; פאַר דעם טריפּער — דער גאָנאָקאָק פון נעיסער (נעיסער — א בארימטער דייטש־אידישער פּראָפעסאָר); פאַר דעם ווייכן שאנקער — דער באַציל פון דוקרעי. אין אלגעמיין קומט פאָר די אָנשטעקונג בעת דעם געשלעכטס־פאַרקער, עס קען אָבער אויך זיין אן אומדירעקטע אָנשטעקונג, דורך זאַכן און קליי־דער, וואָס זיינען געניצט געוואָרן דורך קראנקע. די אָנשטעקונגס־פאָרם איז זייער א זעלטענע, אָבער זי איז מעגלעך, באזונדערס אין באצוג צו סיפילים.

געשלעכטס־קראנקהייטן שטעלן מיט זיך פאָר די אומרעגלמע־סיקייט און די צערודערונג פון דעם נאָרמאַלן געשלעכטס־לעבן. זיי זיינען ניט קיין אָנשטעקנדיקע קראנקהייטן און זיי ווערן ניט פאַר־אורזאַכט פון קיין שום מיקראָבן. אין דער גרעסטער מערהייט ווערט אָנערקענט אַלס אורזאַך די שלעכטע סעקסועלע געוואוינהייט מצד די פּערזאָנען, וועלכע זיינען אָנגערירט פון די דאָזיקע קראנקהייטן. דאָס זיינען קראנקהייטן וואָס רירן אָן באזונדערס די פּסיכיק פון די פּאַציענטן, צוליב וועלכן עס ווערט אין א סך פאַלן באשווערט זייער היילונג; זיי שטעלן בשום אופן ניט אין געפאַר דאָס לעבן פון קראנקן, אָבער די דאָזיקע געשלעכטס־קראנקהייטן ברענגען מיט זיך אַ סך אומאָנגענעמלעכקייטן פאַר די וואָס ליידן אויף זיי.

ווענערישע קראנקהייטן זיינען: (מען דאַרף קיינמאָל ניט מיד

ווערן דאָס איבערצוחזרן) סיפיליס, טריפער און דער ווייכער שאַנקער. געשלעכטס-קראנקהיטן זיינען: די מאַסטורבאַציע, אַנאַניזם, די געשלעכטס-שוואַכקייט און די מער ערנסטע, די סעקסועלע אימפּאָטענץ. אלס כלל זיינען עס קראנקהייטן, וואָס באַרירן אויס-שליסלעך (איך באַצי זיך צו די לעצטע דריי) דעם מאַן, די ערשטע טרעפט זיך ביי ביידע געשלעכטער. צוליב דער אקטיווער געשלעכטס-פונקציע פון מאַן זיינען דער אָנאַניזם, די געשלעכטס-שוואַכקייט און די סעקסועלע אימפּאָטענץ קראנקהייטן, וואָס זיינען אייגנטלעך נאָר אים. דער קאַפּיטל 4 איז געווידמעט די דאָזיקע געשלעכטס-קראנקהייטן.

---

## צ ו וי י ט ע ר ק אַ פּ י ט ל

# ס י פ י ל י ס

א) וואָס איז סיפילים? ב) זיין פארטיילונג אין דער וועלט. ג) זיין פארשפרייטונג. ד) זיין אָנשטעקונג. ה) זיינע סימפּ־טאָמען, געפאַרן און קאָמפּליקאציעס. ו) דער אופן פון אויס־מיידן זיין אָנשטעקונג. ז) די היילונג פון דער קרענק.

א) וואָס איז סיפילים? סיפילים געהער צו די מער ערנסטע און געפערלעכסטע וועגערישע קראנקהייטן, ווייל ער רירט אָן דעם גאַנצן אָרגאַניזם פון קראַנקן, ווייל זיין מיקראָב, גרייפט אָן שנעל, דורכן בלוט, אַלע אָרגאַנען פון קער־פער. עס איז א העכסט אָנשטעקנדיקע קראנקהייט. אין משך פון אַ סך יאָר איז די דאָזיקע קרענק באוואוסט געווען אין איטאליען אונטערן נאָמען „פ ר א נ צ ו י ז י ש ע פ ל אָ ג", ביי די פראנצויזן האָט עס געהייסן די „א י ט אַ ל י ע נ י ש ע פ ל אָ ג", (ביי אידן איז סיפילים באקאנט געווען אונטערן נאָמען „פ ר אַ נ צ ן"), זיין מיקראָב איז געפונען געוואָרן דורך דעם פּראָפ. שאַדין, וועלכער האָט אים אָנ־

יגערופן דער „בלייכער טרעפּאָנעם". ווען מען באטראכט אָט דעם מיקראָב דורך א מיקראָסקאָפּ, כאפּט ער דעם אָנבליק פון א געדרייט פעדימל אין דער פאָרם פון א פּראָפּן ציער. דער שרייבער מ. בריען פון דער פראנצויזישער וויסנשאַפטלעכער אקאדעמיע האָט די דאָזיקע קרענק אָנגערופן „אוואריאָסיס". דער פּראָפעסאָר פורניע, וועלכער האָט אמבעסטן דערלערנט די קרענק, האָט עס דעפינירט ווי א קראנקהייט וואָס ווערט געבוירן פון אן אויסערלעכער אָנשטעקונג און שאפט א גאנצע רייע פון פארגיפטיקונגען אין אונזער גאנצן אָרגאניזם, אין אונזער גאנצן וועזן, אַזוי, אַז עס בלייבט ניט קיין איינער פון אונזערע אָרגאנען, קיין איין ווינקל אין אונזער קערפּער, וואָס זאָל ניט זיין אָנגערירט פון דער קרענק. סיפילים איז אזוי אַרום אן „אלגעמיינע" קראנקהייט.

עס איז גלייכצייטיק א „כראָנישע קרענק". ווי נאָר עס כאַפּט ארום אונזער אָרגאניזם, און אויב עס ווערן נאָר ניט אָנגענומען די ספּעציעלע מיטלען פאר היילן די דאָזיקע קרענק, בלייבט עס אף שטענדיק. דעריבער טרעפט עס גאנץ אָפט, אז קראנקע, וואָס האָבן זיך פארנאכלעסיקט אָדער האָבן ניט נאָכגעפאָלגט די נויטיקע היילמיטלען, זאָל ביי זיי די קרענק זיך ווידער באווייזן אין 10, 15 און מער יאָר אַרום. פונדעסטוועגן געפינט זיך נישט די דאָזיקע קרענק אין א סטאריום פון שטענדיקער אקטיוויטעט, פארקערט, זי איז כאראקטעריסטיש אין האָבן שטילע פּעריאָדן, וואָס גיבן דעם קראנקן אַ פאַלשע אילוזיע, אז ער איז שוין אויסגעהיילט. געוויסע סיפילים-פאַלן זיינען זייער געפערלעך, אָבער די מערהייט פאַלן זיינען גליקלעכערווייזע לייכטע און שאפן ניט קיין ערנסטע אקצידענסן.

עס איז נויטיק דאָ קלאָר פעסטצושטעלן, אז די מאָדערנע מע־דיצין, סיי אין באַצוג פון פארהיטן ווי אין היילן דעם סיפילים האָט איבערגעאנדערשט אויף אַזויפיל דאָס קליניק - בילד פון דער קרענק, דאָס מען קען פארזיכערן: **אז יעדער מעדיציניש גוטגעהיילטער סיפילים, וועט ביז זיין פולשטענדיקער אויסהיילונג, זיין א זייער לייכטע קרענק, וואָס וועט ניט געבן קיין פלאַץ פאר וועלכע עס איז ערנסטע קאָמפּליקאציעס.**

ב) זיין פארטיילונג אין דער וועלט.

אין איינקלאנג מיט די לעצטע קענטענישן און דאַטן, איז דער סיפילים הויפטזעכלעך א מענטש־לעכע קראנקהייט, וואָס ווערט איבערגעגעבן די־רעקט אָדער אומדירעקט דורך אָנשטעקונג צווישן פערזאָנען. אומ־דירעקטערהייט קען מען זיך אָנשטעקן נאָר דורך זאַכן אָדער קליי־דער וואָס עס האָט מיט א קורצער צייט צוריק גענוצט א סיפי־ליטיקער.

עס איז אומעגלעך פינקטלעך אָנצוגעבן דער שורש פון סיפי־ליס. פראַקאַסטאָר (אַ מעדיקער פון מיטלאלטער) ווייזט אָן צום סוף פון 15־טן יאָרהונדערט, אז די קרענק האָט זיך באוויזן אין איטא־ליע, ווען די פראנצויזן האָבן אונטער דער אָנפירונג פון קארל דעם 8-טן צוריק דעראָבערט נעאפאָל. ווי מיר האָבן שוין אויבן אָנגעוויזן רופן אָן די נעאַפּאָליטאנער די דאָזיקע קרענק „פראנצויזישע פּלאָג“, די פראנצויזן ווידער שרייבן צו די דאָזיקע קרענק די נעאַפּאָלטאנער. פראַקאַסטאָר האָט איר געגעבן דעם נאָמען סיפילים. אויך די ענג־

לענדער, ווי מען קען עס זען פון שעקספּירס ווערק, האָבן די קרענק גערופן „פראנצויזישע פּלאָג".

קאָלאָמבוסעס חברים, צוריקקומענדיק פון אמעריקע, האָבן נישט דערמאנט וועגן דער דאָזיקער קרענק, דאקעגן ווייסן מיר, אַז אין אייראָפּע האָט שוין עקזיסטירט אן אמתע עפּידעמיע פון אָט דער קרענק איידער מען האָט נאָך אמעריקע אַנטדעקט; פון דאנען קאָן מען דרינגען, אז עס איז נישטאָ קיין שום מאָטיוו צו גלויבן, אז דער סיפילים איז אימפּאָרטירט געוואָרן פון אמעריקע. פארקערט, עס איז זייער ווארשיינלעך, אז די עקספּעדיציע פון קאָלאָמבוסן און זיינע נאָכפאָלגער האָבן אָט די פּלאָג אריבערגעבראכט פון אייראָפּע אין דער נייער וועלט. עס איז אויך גאנץ מעגלעך, אז די קראנק־הייט האָט שוין עקזיסטירט אין אייראָפּע א סך פריער פאר דער צייט וואָס עס ווייזט אָן פראקאסטאר. דער סיפילים איז א קראנק־הייט, וואָס איז פאַרשפּרייט איבער דעם גאנצן ערד־קוגל. אָט די אויסשפּרייטונג וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מער אָדער ווייניקער אין 15־טן יאָרהונדערט, האָט אָנגענומען אין אָנהויב אן עפּידעמישן כאראקטער מיט אויסערגעוויינלעכע קאטאַסטראָפאלע קאָנסעק־ווענצן, וואָס האָט געדויערט איבער דרייסיק יאָר. דערנאָך איז גע־קומען א ביסלעכווייזע איינלעשונג, וואָס עס דויערט נאָך ביז היינט און וואָס, ווי טרויעריק עס זאָל ניט זיין צוצוגעבן, ביז אין אונזער צייט איז נאָך די דאָזיקע פּלאָג ניט פולשטענדיק באהערשט.

**ג) די פאַרשפּרייטונג פון סיפילים.** די סטאַטיסטישע דאטן, וואָס עס ברענגען פורניע, גוזשעראָ און אַנדערע פאָרשער דער־ווייזן, אַז די קרענק איז אויסערגעוויינלעך פאַרשפּרייט. אין פאריז איז 25 פראָצענט פון דער באפעלקערונג סי־

פיליטיש, אין בערלין — 15 פראָצענט. נאָך דער וועלט-מלחמה ווערט גערעכנט, אַז גאַנצע 10 פראָצענט פון דער ענגלישער באַפעלקערונג איז סיפיליטיש.

פאַקטיש איז זייער שווער פעסטצושטעלן א פּינקטלעכע סטאַטיסטיק וועגן סיפילים ווי וועגן טריפּער, ווייל אין א סך לענדער איז נאָך נישט איינגעפירט אן אָבליגאַטאָרישע מעלדונג צו דער סאַניטארער מאַכט וועגן פאלן פון די דאָזיקע קראַנקהייטן, ד. ה., אַז נישט דער קראַנקער און נישט דער דאָקטאָר איז פארפליכטעט צו מעלדן וועגן אזעלכע פאלן צו דער סאניטארער מאַכט. (ביי אונז אין ארגענטינע עקזיסטירט נאָך נישט אזא געזעץ). אין געוויסע לענדער ווערט די סטאַטיסטיק געבויט בלויז אויף דאטן, וואָס ווערן ארויסגענומען פון אַנטיוועַנערישע קליניקעס און שפּיטעלער.

ביי אונז אין ארגענטינע באַווייזט די סטאַטיסטיק פון יאָר 1919, גענומען פון שפּיטאָל „ריוואדאוויאַ" 29,48 פראָצענט סיפילים-קראַנקע. דער איטאליענישער שפּיטאָל האָט געוויזן א פראָצענט פון 11,62. אין שפּיטאָל ראוסאָן איז פעסטגעשטעלט געוואָרן גאַנצע 30 פראָצענט. דאָס דערווייזט, אז דער סיפילים איז אויך דאָ שטאַרק פארשפּרייט. די סטאַטיסטישע דאטן פון נאַציאָנאַלן היגיענע-דעפּאַרטאַמענט וועגן שטערבלעכקייט דערווייזן, נאָך מער, די פאַרשפּרייטונג פון אָט דער קרענק. די סטאַטיסטיק וועגן קראַנקהייטן דערווייזט, אַז 30 פראָצ. פון נערוון-קראַנקהייטן נעמען זיך פון סיפילים און אז גאַנצע 90 פראָצענט פון הארץ- און בלוט-קראַנקהייטן האָבן זייער מקור אין סיפילים. די דאָזיקע פּלאָג אינטערווענירט אין א געגוגנדער פראָפּאָרץ אויך אין אנדערע קראַנקהייטן פון מאָגן, נירן, לעבער און פון אנדערע אָרגאַנען.

די בעסטע סטאַטיסטיק איז די, וואָס עס באַקומט זיך ביי דער צושטעלונג צום מיליטער. אין ארגענטינער מיליטער איז אין יאָר 1915 פעסטגעשטעלט געוואָרן, אז 6 פּראָצ פון די יונגע לייט, וואָס האָבן זיך דאן צוגעשטעלט, זיינען געוועזן אָנגערירט פון סיפילים. פארגלייכנדיק, דערביי, די דאטן פון שטאָט און דאָרף, באקומט זיך דער פאקט, אז דער סיפילים האָט אויפגעהערט צו זיין אלס ספּעציפישע קרענק פון די גרויסע שטעט, ער האָט שוין געפונען פּלאָץ אויפן דאָרף און אין א גאנץ גרויסער מאָס.

מיט איין וואָרט: ד ע ר ס י פ י ל י ס א י ז פ א ר־ ש פ ר י י ט א ו מ ע ט ו ם און דעריבער ד א ר ף מ ע ן פ א ר א י ם ז י ך ש ט א ר ק ה י ט ן.

ד) זיין אָנשטעקונג

דער פאראורזאכער פון דער קרענק איז דער מיקראָב „דער בלייכער טרעפּאָנעם". דער מיקראָב קען לעבן א סך יאָרן אין מענטשלעכן אָרגאַניזם, אָבער אויסער אים שטאַרבט ער זייער גיך; דאָס איז זייער וויכטיק, ווייל דורכדעם איז מעגלעך פעסטצושטעלן, אַז גענוצטע זאַכן פון סיפיליטיקער זיינען געפערלעך נאָר א קורצע צייט נאָך זייער באנוצן פון סיפיליטיקער און, דעריבער איז זיי לייכט צו דעזינפעקצירן. עס גילט נישט קיין ספּעציעלע צייט-עלטער; נישט די יוגנט און נישט די טיפע עלטער קענען פארהיטן פון דער קרענק. דער פיזישער געבוי ווי אויך דער געזונט-צושטאַנד האָבן קיין שום איינפלוס קעגן דער אָנשטעקונג. אויב עס איז אמת, אז סיפילים איז זייער אן אָנשטעקנדיקע קראנקהייט, דארף מען אָבער אויך נישט ארייגפאלן אין קיין איבעריקע גוזמאות, גלויבנדיק, אז עס איז גענוג צו געפינען זיך אין דער נאָ־

ענט פון א סיפיליטיקער, כדי זיך אָנצושטעקן. דער וואָס ליידט אויף דער קרענק, איז שוין אזוי אויך גענוג אומגליקלעך און עס איז דעריבער אוממענטשלעך דאָס איבערטרייבן, אז זיין אָנוועזנהייט אליין איז אָנשטעקנדיק. עס איז ריכטיק, אז יעדער סיפיליטיקער, באזונדערס אין דער ערשטער צייט פון קראנק ווערן, דארף זיך היטן אום נישט איבערצוגעבן זיין קרענק א צווייטן, אָבער ווען עס וואָלט ריכטיק געווען, אז מען קען זיך אָננעמען פון א געוויינלעכן האַנט־דרוק, וואָלט געווען אז אַך און ווי צו די דאָקטוירים, וועלכע זיי־נען אין טאָג־טעגלעכן קאָנטאַקט מיט די סיפיליטיקער אין פארשי־דענע גראדן פון זייער קרענק.

ווען אַ פערזאָן האָט געשלעכטלעך פאַרקערט מיט א סיפיליטיקער און האָט זיך אָנגעשטעקט, באַווייזט זיך נית גלייך די קרענק, נאָר עס דויערט א 25 ביז 40 טעג. אָט די צייט רופט מען דער אינקובאַציע־פעריאָד. אַ סיפיליטיקער איז אָנשטעקנדיק אין פארלויף פון דער גאנצער צייט, וואָס עס דויערט דער שאַנקער (דער אָנפאנגס-פענאָמען פון דער קרענק, וועלכער רופט זיך דער ערשטער פעריאָד — זע ווייטער) און אין משך פון דעם צווייטן פעריאָד (ווען עס באווייזן זיך די וואונדן אויף דער הויט און אין די עפענונגען: מויל, נאָז, שייד־מוטער א. א. וו.). די אמתע אָנשטעקונגען פון סיפיליטיקער זיינען די סעקרעציעס פון שאנקער, פון די הויט־וואונדן און פון די וואונדן אין די עפענונגען (מויל, נאָז, האלז, שייד־מוטער א. א. וו.), ווי אויך דורך דעם בלוט פון די קראנקע.

**ווי אַזוי באַקומט מען די קראַנקהייט?** די אַנשטעקונג קען פאָרקומען דורך צוויי אופנים: דירעקט (דורך אַ געשלעכטלעכן

אַקט) און אומדירעקט, (דורך נוצן זאַכן, וואָס זיינען נישט לאנג צוריק גענוצט געוואָרן דורך א סיפיליטיקער). וועגן ד י ר ע ק ט ע ר אַ נ ש ט ע ק ו נ ג איז היינט צו טאָג פעסטגעשטעלט, אַז דאָס איז מעגלעך נאָר דאַן, ווען עס איז דאָ א שניט אָדער א וואונד אין די הויט-געוועבן, ווייל ווי עס ווייזט אויס קען נישט דער סיפיליטישער מיקראָב דורכדרינגען אין א געזונטער הויט. אָפטמאָל איז די וואונד אַ נישט מערקבארע (הויט-אויפרייצונג אויפן גליד). דעריבער איז וויכטיק, אז יעדער פערזאָן זאָל גוט באטראכטן זיין גליד, איידער ער גייט דורכפירן א פארדעכטיקע פאָרונג. אויב עס איז ריכטיק, אז די געשלעכטס-אָנשטעקונג איז די מער אָפטע (90 פראָצ.), קען מען זיך דעם סיפילים אויך אָננעמען אומבאוואוסטזיניק און אויסער-האלב יעדן געשלעכטלעכן פארקער, אויף א גאנץ אומשולדיקן און צו-פעליקן אופן, ווי דורך א פאמיליארן אָדער פריינטלעכן קוש. דעריבער איז עס א מאָראלישער חוב פון יעדער פערזאָן וואָס ליידט אויף דער קרענק אָדער האָט פארדעכטיקע וואונדן אין מויל, נית צו קושן קיי-נעם, אין קעגנטייל באגייט אזא מענטש א קרימינעלן פארברעכן.

א ו מ ד י ר ע ק ט ע א י ב ע ר ג ע ב ו נ ג: פריער פון אלעם דארף עס פעסטגעשטעלט ווערן, אז דאָס זיינען זייער זעלטענע פאלן, צוליב דער וויניקער אויסהאלטונגס-פעאיקייט פון דעם טרעפּאָנעם אויסערהאלב דעם מענטשלעכן אָרגאניזם. די וויניקע פאלן, וואָס טרעפן יאָ, געשעען דורך ראזירמעסער, קאמען, בערשטלעך פון נעגל, ציין אָדער האָר, ליולקעס, אנעמע שפּיצן, האנטוכער, בלייפע-דער, מאַטע-באָמביזשעס, ציגאר-שפּיצן א. א. וו. אומדירעקטע אָנ-שטעקונג טרעפט אָפט ביי גלאָז-בלאָזער. דאָס טרעפט אויך אָפט אין אזעלכע פלעצער, וואו עס ווערן נישט אָפּגעהיט די עלעמענטאַרסטע

כללים פון היגיענע, וואו עס טרעפט, אז פון איין קראנקן פאַטער אָדער ברודער ווערן אָנגעשטעקט א גאנצע פאמיליע.

מיר האָבן אויבן גערעדט וועגן דעם אינקובאציע-פעריאָד פון דער קרענק; אין משך פון דעם פעריאָד ווערט מיט גאָרנישט אָנגעדייט דעם אָנגערירטן פערזאָן וועגן זיין אומגליק און א סך מאָל טרעפט, אז ווען די קרענק דעקלארירט זיך האָט שוין דער אָנגערירטער פארגעסן פון זיין אוואנטורע...

ה) די סימפטאָמען, געפאַרן און קאָמפליקאציעס פון סיפילים.

נאָכדעם ווי די קרענק אנטדעקט זיך, מאַכט זי דורך אן אנטוויקלונגס-גאַנג אין דריי פּעריאָדן. ערשטער פּעריאָד: דער פעריאָד ווערט כאראקטעריזירט דורך איין און איינציקן סימפטאָם: דער סיפיליטישער שאַנקער. ער באווייזט זיך אויף דעם אָרט פון קערפער, דורך וואנען עס איז אריינגעדרונגען דער מיקראָב. עס קען זיין אזוי אויפן גליד, ווי אין מויל, אָדער אין א וועלכן אנדערן אָרט פון דער הויט. ווי עס איז פארשטענדלעך, באווייזט עס זיך צום אָפטסטן אויף די געשלעכטס-גלידער. דער שאַנקער איז אַ קליינער קרעצל, די גרויס פון אַ פינפסענטיקער מטבעה, קיילעכדיק, האַרט און לאָזט ניט קיין אייטער, עס בלוטיקט נאָר, ווען מען צעקראצט עס און עס טוט נישט וויי. ווען מען באמערקט אזעלכעס אויף די געשלעכטס-אָרגאנען, איז נויטיק גלייך צו ווענדן זיך צו א דאָקטאָר.

צווייטער פּעריאָד: דעמאָלט ווען נאָך דער דערשיינונג פון שאנקער איז נישט דורכגעפירט געוואָרן אן

ענערגישע מעדיצינישע באהאנדלונג, איז מען אין געפאר, אז אין פינף—זעקס וואָכן ארום ווי עס האָט זיך באוויזן דער שאנקער, זאָלן אין אייניקע ערטער פון הויט אין מויל, אין האלז און איך די אנדערע נאַטירלעכע עפענונגען זיך באווייזן א רייע וואונדן, צווישן וועלכע, די מער געוויינלעכע איז די ר אָ ס ע אָ ל א, וואָס דאָס איז אזא אויסשיטונג פון דער גאנצער הויט מיט אזעלכע קליינע ראָזע פלעקן, וועלכע בייסן נישט און באלעסטיקן נישט פיל; אינדערזעלבער צייט באווייזן זיך אַזעלכע פלעקן (פלאקאָס) אויף די געשלעכטס - גלידער, אין מויל, אין נאָז, אין דער גראָבער קישקע א. א. וו. וועלכע זיינען ווי ניט קיין שמערצלעכע קרעצלעך, וואָס לאָזן נישט קיין אייטער, זיי זיינען בלויז אביסל פייכטלעך. זיי זיינען קליינע, נאָר ביי פערזאָנען, וועלכע זיינען ווייניק היגיעניש, קענען זיי ווערן גרויס און לאָזן א שלעכטן ריח. אנדערע סימפטאָמען זיינען אן אלגעמיינע אָפּשוואכונג פון דעם קראנקן, ק אָ פּ ־ ש מ ע ר צ ן, ש מ ע ר צ ן אין ד י ב י י נ ע ר און נ ע ר ו ו ן, דאָס א ו י ס פ אַ ל ן פ ו ן ד י ה אָ ר פ ל ע־ ק נ ו ו י י ז, ד אָ ס ק א ל י ע ו ו ע ר ן פ ו ן ד ע ר ר א י ה און פ א ר ש י ד ע נ ע נ ע ר ו ו ן־צ ע ר ו ד ע ר ו נ ג ע ן.

ד ר י ט ע ר פּ ע ר י אָ ד : אין פאַל ווען דער קראַנקער האָט זיך ניט אונטערגעוואָרפן קיין מעדיצינישער באַהאנדלונג, אין משך פון א לאנגער צייט (אייניקע מאָנאַטן אָדער יאָרן), דעמאָלט דערשיינען די אקצידענטן וואָס מען רופט פון ד ר י ט ־ן פּ ע ר י אָ ד. אין דעם פּעריאָד, זאָגט פורניע, קומען אָן די גרויסע אקצידענטן וואָס האָבן אָט דער קרענק געמאכט איר גרויזאמע בארימטקייט. אלע אקצידענטן פון דריטן פּעריאָד אָן

אויסנאָם זיינען געפערלעך, ווען אפילו אין א פארשידנ־ארטיקער מאָס, זיינען זיי אָבער אלע שטענדיק צעשטערעריש. דער אַקצידענט־טיפּ פון דריטן גראַד איז א געשוויר וואָס הייסט גאממאַ, אַזאַ מין געשוויר, די גרויס פון וועלכן עס קען זיין פארשידן, ווי פון א מאיס־קערנדל, ביז דער גרויס פון א גרויסן נוס, וואָס דאָס שטעלט מיט זיך פאָר אן אָנזאַמלונג פון סיפיליטישן אייטער. ווען דאָס פאַר־שווינדט לאָזט עס איבער א לאָך, אַ בלויז אין די אָרגאַנען וואו ער גע־פינט זיך, וואָס ווערט באדעקט מיט אזא שראַם־געוועב, וועלכער שטערט דער נאָרמאַלער פונקציאָנירונג פון די אָנגערירטע אָרגאַנען אין דריקט אָפּטמאָל אויף די שכנותדיקע אָרגאַנען. די אקצידענטן פון דריטן גראַד קענען געשען אַף אַ וועלכן עס איז טייל פון מענטשלעכן אָרגאַניזם, ווי צ. ב. אין מאַרך, אין רוקן־ביין, אין האַרץ, אין לעבער, אין מאָגן, אין די אויגן, אין נאָז, אין די ביינער א. א. וו. דאָס האַרץ, די ארטעריעס, די נירן, זיינען די מער אויסדערוויילטע קרבנות פון דער סיפיליטישער אַטאַקע, אָבער איבער אלץ איז עס די נערוונסיסטעם, וואָס ליידט אממערסטן פון דעם סיפיליס אין דריטן גראַד. זיינע אַטאַקעס אויף דעם נערוון־סיסטעם רופן ארויס די פארשידנסטע אקצידענטן, פון דער געוויינלעכער נעווראַלגיע אָדער קאָפּ־שמערצן, שמערצן אין די ביינער, ביז טויבקייט, בלינדקייט, אלגעמיינער פראָגרעסיווער פאראַליטש (סיפיליטישע משוגעת).

די סאַמע ערגסטע קאָמפּליקאַציע און געפאַר פון סיפיליס איז דאָס, וואָס פון אלע ווענערישע קרענק איז עס די איינציקע, וואָס ווערט איבערגעגעבן פון די עלטערן צו די קינדער. דער סיפיליס איז אויסערגעוויינלעך

שטערבלעך פאַר די נייגעבוירענע. דאָס איז די הויפּט־סיבה פון אבאָרטן ווי אויך פון א סך קינדער־קראנקהייטן. אלס אלגעמיינער כלל איז: אַז דער וואָס ווערט געבוירן סיפיליטיש איז א צוריקגעשטאַנענער, אַ פיזיש שוואַכער, אנטוויקלט זיך שלעכט סיי פיזיש סיי גייסטיק; דעריבער דארף דער סיפילים, צוליב זיינע ירושה־קאָנסעקווענצן פארעכנט ווערן ווי איינע פון די הויפּט־סיבות פון דער דעקאַדענץ פון דער ראַסע און פון דער דעגענעראציע פון מענטשלעכן מין. עס איז אָבער פונדעסטוועגן דאַ נויטיק אָנצואווייזן אף א ליכטיקן פונקט אין דער דאָזיקער גאנצער נאָמע פון טראגעדיעס און דאָס איז, אז א גוט דורכגעפירטע מעדיצינישע היילונג, מייחט אויס די דאָזיקע טראגעדיעס.

ו) דער אופן פון אויסמיידן אינדיווידועלער פּראָפילאקסיס מיינט, די מיטלען, וואָס יעדער אינדיווידואום אן אנשטעקונג.
דארף אָננעמען, כדי אויסצומיידן אן אָנשטעקונג. צוליב דער פאַרשפּרייטונג פון די וועגערישע קראנקהייטן אין משך פון דער לעצטער וועלט־מלחמה, האָבן די סאניטארע אמטן פון דער ארמיי געצוואונגען די סאָלדאטן דורכצופירן א פּינקטלעכע געשלעכטלעכע פּראָפילאקסיס און אָט די סיסטעם, וואָס איז באַנוצט געוואָרן דורך די סאָלדאטן, איז פאקטיש דער, וואָס גיט די בעסטע רעזולטאטן. יעדער סאָלדאט האָט נאָך יעדער פארדעכטיקער אָדער נישט פאַרדעכטיקער פּאָרונג געדארפט קומען אין סאניטארן פונקט, וואו מען האָט מיט אים דורוגעפירט א פארהיטונגס־באַהאַנדלונג, וואָס איז

באשטאַנען אין איינרייבן דאָס גליד מיט דעם מערקוריזאלב און דורך אן אורעטראלער וואשונג.; אויף אזא אופן האָט מען געזוכט צו פארמיידן דאָס אָננעמען זיך פון סיפילים אָדער פון טריפּער. דער דאָזיקער פארהיטונגס-מיטל קען זיך רעכענען כמעט פאר אן אבסאָלוטן, שטענדיק אָבער, ווען ער ווערט דורכגע־פירט אין משך פון א שעה נאָך דעם געשלעכטלעכן אקט. די דאָזיקע ווירקונג פארלירט איר זיכערקייט, אויף וויפיל מער צייט עס גייט אוועק נאָכן דאָזיקן אקט און נאָך 10 שעה פארלירט די דאָזיקע בא־האַנדלונג אינגאַנצן איר ווירקונג. דעריבער קומט אויס, אַז אין דער פּראקטיק איז די דאָזיקע פּראָפילאַקטישע סיסטעם, וואָס איז ווירקנ־דיק ביים מיליטער, ווייל זי ווערט דורכגעפירט מיט א מיליטערישער פּינקטלעכקייט, פאַרלירט זי אָבער איר ווערט ביים אָנווענדן פאַר דער ציווילער באפעלקערונג, ערשטנס ווייל נישט אין אלע לענדער זיינען פאראן סאניטארע פונקטן, וואָס זאָלן קענען באַהאנדלען דעם פאר־אינטערעסירטן צו יעדער צייט, און צווייטנס, ווייל אָפטמאָל פארנאכלעסיקט מען ביי דעם סאָרט פארהיטונגס-מיטל. נעמענדיק אין אכט די שוועריקייטן פון אָט דער פּראָ־פילאַקטישער סיסטעם מיט סאניטארע פונקטן און ווייל דער אינ־דיווידועלער פּראָפילאקסיס איז זייער ווירקזאם, ווען ער ווערט נאָר גוט אָנגעווענדעט, איז דעריבער ראטזאם א צווייטער סיסטעם, א מער פּראקטישער: דאָס זיינען די פּראָפילקטישע פאקעטן. די פאקעטן אנטהאַלטן א זאלב וואָס דאָס איז די בארימטע קאלאָ־מעל-זאלב פון מעטשניקאָוו. ווען א פּערזאָן האָט דורכגעמאַכט א פּאָרונגס-אקט, דארף ער ארייננלאָזן אין גליד אביסל פון דעם זאלב. דערנאָך איינרייבן אביסל פון אויבן דעם גליד מיט דעם זעלבן

זאלב. דעם זאלב דאַרף מען אזוי לאָזן איינוקע שעהן. אנדערע פּאַ־קעטן אנטהאַלטן אויסער דעם זאלב קעגן סיפילים, אויך א פּליסי־קייט, וואָס ווערט אויף דעם זעלבן אופן אָנגעווענדט און וואָס איז געצילט צו פארהיטן קעגן טריפּער (דאָס איז צעפּירטער פּראטאר־גאָל אין 20 פּראָצ.). פונדעסטוועגן האלטן א סך היגיעניקער, אז די דאָזיקע מעטאָדן זיינען ניט קיין גענוגנדיקע אף אזוי ווייט. אז די פּאַנאַמעריקאנישע קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין וואַ־שינגטאָן אין יאָר 1920, האָט פעסטגעשטעלט, אז דער זיכערסטער מיטל קעגן אָנשטעקונג איז דער גומי־פּרעזערוואטיוו (קאָנ־דאָן). אויסער דעם, ווי ס'האָט געהאַלטן דער בארימטער ארגענטינער פּראָפעסאָר דר. מאקסימיליאן אַבעראסטורי, זיינען אויך די מיטלען פון געוויינלעכער היגיענע, ווי גלייך נאָך דעם אַקט לאָזן אורין און אויסוואשן דעם גליד מיט וואסער און זייף ווירקזאם צו פאר־קלענערן די מעגלעכקייטן פון אָנשטעקונג. אין סך־הכל, וואָס עס דאַרף טאָן יעדע פּערזאָן נאָך א פארדעכטיקן געשלעכטלעכן אקט, איז קאָמבינירן אלע דריי סיסטעמען צוזאמען, כדי דער ווירקונגס־פּראָצעס פון יעדן איינעם זאָל אויסגענוצט ווערן: 1) נוצן א פּרע־זערוואטיוו. 2) לאָזן אורין נאָך דעם אַקט און 3) גוט אויסוואשן דעם גליד מיט וואסער און זייף.

עס איז דאָ וויכטיק פעסטצושטעלן, אַז ביים איצטיקן מאָמענט עקזיסטירט נאָך נישט קיין שום פארהיטונגס־מיטל קעגן סיפילים; אויב אווּעלכע עס איז פּערזאָן האָט געהאַט א געשלעכטלעכן קאָנ־טאקט מיט א סיפיליטעקערן אין אקטיוון פּעריאָד און האָט נישט אָנגענומען קיין פּראָפילאקטישע מיטלען, בלייבט אים איבער נאָר צו ווארטן דעם אינקובאציע־פּעריאָד (פון 25 ביז 40 טעג) און ביים

ערשטן פאַרדעכטיקן סימפּטאָם זיך ווענדן צו אַ מעדיקער; אויב די פּערזאָן האָט זיך ווירקלעך אָנגעשטעקט, וועט די אינטענסיווע מע־דיצינישע באהאַנדלונג פארמיידן די דערשיינונגען פון צווייטן און דריטן גראַד און וועט אויף אַ סך פאַרשנעלערן די אויסהיילונג פון דער קרענק.

ז) היילונג. פארשידענע מעדיקאַמענטן ווערן גענוצט פאַר דער באהאנדלונג פון סיפילים און אלע זיינען גוט. שוין זייט א סך יאָרן ווערט גענוצט מערקורי. פריער אין דער פאָרם פון זאַלב, מיט וועלכן מען פלעגט מאכן איינרייבונגען באזונדערס אין די קנייטשן פון עלנבויגן אין פעריאָדן פון 20 טעג, און דערנאָך איצט אין דער פאָרם פון איינשפּריצונגען, פּילן און אויך געטראַנק. דער מערקורי, באזונדערס ווען ער ווערט אָנגעווענדעט דורך איינ־שפּריצונגען איז אומדיסקוטירבאר ווירקזאם און גיט איבעראשנדע רעזולטאטן, אָבער א דאנק א אידישן זשעני, דעם פּראָפעסאָר ער־ליך, האָבן מיר איצט א מעכטיקן אנטיסיפיליטישן היילמיטל אויף דער באזע פון אַרסענִיק־זאַלצן, דאָס איז דער בארימ־טער סאלוואר סאַן, 606 אָדער 914. אָט דער פּראָדוקט ווערט איצט פאבריצירט אין פראנקרייך אונטערן נאָמען רהאָ־דארסאָן און איז אזוי גוט ווי דער נעאָסאַלווארסאן. אַנדערע מעדיקאַמענטן, וועלכע זיינען אויך זייער גוט, זיינען די יאָדזאלצן און ביסמוט־זאַלצן. פארשטענדלעך, אז די באַהאַנדלונג פון אַ סי־פיליטיקער דארף דורכגעפירט ווערן אונטער א מעדיצינישער אויפ־זיכט. אָבער עס איז א סך אָפּהענגיק אָן דעם אופן פון באַהאַנדלען. וואָס בעסער, וואָס אינטענסיווער דער מעדיקער גיט זיך אָפּ מיטן

קראנקן, אלץ מער קען ער פארשנעלערן די פולשטענדיקע אויסהיי־לונג פון דער קרענק. עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אז די מיני־מום־צייט פאר דער פולשטענדיקער קוראציע איז פיר יאָר און די באהאַנדלונג ווערט געמאכט קאָמבינירנדיק די אלע אויבנדערמאנטע מעדיקאַמענטן. אָבער די באהאנדלונג באַשטייט נישט אין מאָכן טאָג־טעגלעך איינשפּריצונגען, ווי אַנדערע קענען עס גלויבן. צום גליק פאר די וואָס ליידן פון דער קרענק, ווערן אין משך פון די פיר יאָר געמאכט סעריעס איינשפריצונגען צו צוויי און דריי מאָנאַטן מיט איבעררייסן פון פיר מאָנאַטן. דאָס מיינט, אז אין דער ווירקלעכ־קייט קומט אויס, אז אין משך פון פיר יאָר ווערן געמאַכט אינגאנצן פון 10 ביז 15 סעריעס איינשפּריצונגען, מיט אָפּרו־פּעריאָדן, וואָס דערלויבן דעם קראנקן אפילו דעם לוקסוס פון כמעט פארגעסן וועגן זיין קרענק. אויסער דעם זיינען אויך דאָ פאלן פון אויסהיילונג אין ווייניקער צייט פון פיר יאָר; אין מיין פּראקטיק האָב איך שוין געהאַט פאלן פון אויסהיילונג ביז צוויי יאָר, ווען די געוועזענע קראנקע האָבן דערנאָך חתונה געהאַט און געבראכט אויף דער וועלט קינדער, פולשטענדיק געזונטע, וואָס וואקסן און אנטוויקלען זיך אויסגעצייכנט.

אויסער דער באהאנדלונג מיט די אויבנגעבראכטע היילמיטלען דארף דער סיפיליטיקער אָננעמען אנדערע פארהיטונגען, ווי צום ביישפּיל: נ י ט ט אָ ן ק י י ן ש ו ו ע ר ע א ר ב ע ט נ י ט אָ נ ט י י ל נ ע מ ע ן א י ן ש פּ י ל ן וואָס פאָ־ד ע ר ן א ס ך אָ נ ש ט ר ע נ ג ו נ ג ע ן; ניט טרינקען קיין אלקאָהאָל, ווייל דער דאָזיקער געטראַנק שטערט דער געהעריקער ווירקונג פון די היילמיטלען; מ׳דארף נישט רויכערן צופיל, באַזונ־

דערם אין אָנהויב פון דער קרענק, נאָר בעסער איז אינגאנצן נישט רויכערן, ווייל דער טאבאק רייצט אויף דאָס מויל און דעם האלז און באגינסטיקט דער דערשיינונג פון די פלעקן (פליאַקאָס). אויסער דעם דארף זיך דער קראנקער שטארק היטן די ציינער, ווייל דער מערקורי און דער ביסמוט רירן שטאַרק אָן הויפּטזעכלעך די ציינער און די געשווילעכץ פון די יאסלעס קען א סך מאָל צווינגען צו פאר־האלטן די היילונג, וואָס עס איז צום שאָדן פארן קראנקן, ווייל עס קען פארלענגערן די קרענק. דער קראנקער דארף זען זיך באָדן וואָס אָפטער און דארף נישט עסן קיין שארפע און פיקאַנטע שפייזן.

ווען און ווי אזוי ווייסן מיר אויב דער סיפילים איז אויסגע-היילט? אויסער דער מעדיצינישער אונטערזוכונג עקזיסטירן היינט צו טאָג מיטלען ווי פעסטצושטעלן, אויב דער סיפיליטיקער איז אויסגעהיילט, דאָס זיינען: די וואַסערמאַן־רעאקציע (וואַסערמאן — א באוואוסטער אידישער פראָפעסאָר) מיט די לעצ־טע פארבעסערונגען, וואָס מאכן די דאָזיקע רעאקציע נאָך זיכערער. די רעאקציע ווערט געמאַכט מיטן בלוט פון קראנקן אָדער געווע־זענעם קראנקן, די פאָרמול פון די ווייסע קייקעלעך, וואָס באַשטייט אין ציילן די דאָזיקע עלעמענטן, וואָס געפינען זיך אין בלוט. די רעאקציע פון דער פליסיקייט סעפאלאָ ראקידעאָ, וואָס דאָס איז א פליסיקייט, וועלכע באקומט זיך פון רוקנביין. א סך מאָל, צוליב גרעסערער זיכערקייט, אָדער ווען עס זיינען שוין אוועק איניקע יאָר נאָך דער קוראציע ווערט געמאַכט דאָס וואָס עס הייסט די רעאקטיוויזירונג פון בלוט, וואָס באַשטייט אין איינשפּריצן דעם פאציענט מערקורי, איניקע טעג פארן דורכפירן די אויבנדערמאנטע אנאליזן.

זייער אָפט שטעלן קראנקע פאָלגנדע פראגע: דאָקטאָר, קען איך שוין חתונה האָבן? און ווען א פארהייראטער: מעג איך שוין האָבן באַציאונגען מיט מיין פרוי? וועלן מיינע קינדער זיין געזונטע? מען קען ענטפערן מיט דער גאנצער אויפריכטיקייט (די פראקטיק האָט א סך מאָל דערוויזן), אז א סיפיליטיקער מעג חתונה האָבן, און אז ער וועט געווים האָבן געזונטע קינדער מיטן באדינג, אז ער וועט שטרענג אָפּהיטן די אלע פאָרשריפטן פון דאָקטאָר און נאָכדעם ווען אייניקע בלוט-אנאליזן, וועגן וועלכע מיר האָבן אויבן געשריבן, וועלן נאָכאנאנד וויזן נעגאטיוו.

## אייניקע פּסיכאָלאָגישע באַטראכטונגען וועגן די סיפּילים-קראַנקע

ווען נאָך אן אונטערזוכונג פון פאציענט שטעלט פעסט דער דאָקטאָר דעם דיאגנאָז פון סיפילים און ער דערפילט זיין פליכט, איבערגעבנדיק דעם קראנקן פון וואָס פאר א קרענק ער ליידט, טרעפט מען זיך אָפטמאָל מיט דעם פאַל, אז דער פאציענט ווערט ארומגעכאַפּט פון דער העכסטער פארצווייפלונג; דעריבער איז וויכטיק, דער סיפיליטיקער דארף עס וויסן, אז מיט דעם איצטיקן אנטיסיפיליטישן געווער האָט די דאָזיקע קרענק אויפגעהערט צו זיין אזוי ערנסט, פארשטענדלעך שטענדיק אויב דער קראנקער וואַרפט זיך אונטער שטרענג אונטער די מעדיצינישע אָנווייזונגען. אין קעגנפאל קען די קרענק אָננעמען אַ זייער געפערלעכן כאַראקטער. אזוי ארום, אז א באוואוסטזיניקער קראנקער האָט זיך

ניט וואָס צו זאָרגן שטאַרק וועגן זיין קרענק, אויב ער רעכנט נאָר זיך היילן אונטער א געהעריקער מעדיצינישער אויפזיכט. די דאָזיקע פאציענטן וועלן זיך קענען איבערצייגן, אז אין משך פון אייניקע מאָנאַטן וועלן זיי פּטור ווערן פון זייער קרענק. עס איז אָבער פאראן א קאַטעגאָריע קראַנקע, וואָס טראַצדעם, וואָס זיי באהאנדלען זיך ביי א דאָקטאָר, זיינען זיי פול מיט די שווארצסטע געדאנקען. צו די דאָזיקע ווענד איך זיך און זאָג זיי, מיט דער פולסטער איבערצייגונג און אויפריכטיקייט, אז זייער קרענק איז אבסאָלוט היילבאר און זיי דארפן פולשטענדיק אראָפּווארפן פון זיך די דאָזיקע זאָרג, כדי זיך נישט צוגעבן מער ליידן צו די וואָס זיי האָבן שוין, באזונדערס ווען די פאמיליע וויים פון דעם געשעענעם, דארף דער קראנקער מיט זיין פּעסימיזם נישט צושארן זיי איבעריקע זאָרג. עס איז נויטיק, אז יעדער סיפיליטיקער זאָל אוועקווארפן די מעלאנכאָלישע געדאנקען. ווייל דאָס איינציקע וואָס זיי דערגרייכן מיט דעם איז, וואָס זיי פארשווערן די באַהאַנדלונג אדן פארלענגערן די היילונג פון דער קרענק.

דער סיפיליטיקער טאָר נישט זיין קיין עגאָאיסט צו וועלן באַהאלטן דעם סוד פון זיין קרענק און אזוי ארום שטעלן אין געפאר די ארומיקע פון קענען זיך אָנשטעקן. ער דארף אָננעמען אלע מעגלעכע פאָרזיכטס-מיטלען אויף אויסצומיידן אן אָנשטעקונג. די דאָזיקע פאָרזיכטס-מיטלען באשטייען, אין די ערשטע מאָנאטן, ווען עס זיינען נאָך פאראן אָנזעעוודיקע סימנים פון דער קרענק: ער דארף נוצן באזונדערע טיש-געשיר, בעט-וועש און אנדערע זאכן פון פער־זענלעכן געברויך. ער דארף שלאָפן אליין, ער דארף קיינעם נישט

באַרגן זיינע חפצים. א סך סיפיליטיקער גלויבן, אז צוליב זייער קרענק איז יעדע מעגלעכע וואונד, וואָס זיי קענען באקומען, אָדער יעדע אנדערע קרענק, שווער צו היילן. דאָס איז אבסאָלוט פאלש; אַ מעדיציניש גוט באהאַנדלטער סיפיליטיקער קען גלייכצייטיק היילן יעדע אנדערע קרענק אָדער וואונד, ווי ער וואָלט גאָרנישט געהאַט קיין סיפילים. איך חזר איבער און שטרייך עס אונטער, אז ווי ערנסט די סיפילים־קראנקהייט זאָל נישט זיין היילט זי אויס דער, וואָס וויל זיך היילן.

---

# ד ר י ט ע ר ק א פ י ט ל

## ט ר י פ ע ר

א) א קורצער איבערבליק וועגן די געשלעכטס־אָרגאנען פון מאן און פון דער פרוי. ב) טריפער: וואָס איז טריפער? ג) זיין פארטיילונג אין דער וועלט. ד) זיין פארשפרייטונג. ה) זיין אָנשטעקונג. ו) זיינע סימפּטאָמען, געפארן און קאָמפּלי־קאציעס. ז) דער אופן פון פארמיידן די אָנשטעקונג. ח) די היילונג.

א) א קורצער איבערבליק וועגן די געשלעכטס־אָרגאנען פון מאן און פון דער פרוי.

די געשלעכטס־אָרגאנען פון מאן ווערן צונויפגעשטעלט לויט פאָלגנדן אופן: דער פאָרונגס־אָרגאן, דאָס איז דער גליד. ער האָט א דורכגאנג, די אורעטרא, דורך וועלכן עס גייט ארויס די עספּערמא (די באפרוכפּע־רונגס־פליסיקייט) און דער אורין; דאָס הייסט, אז ביים מאַן גייט ארויס דער אורין און די זוימען־פליסיקייט דורך איי־נעם און דעם זעלבן דורכגאנג. די א ו ר ע ט ר א פירט ארייַן אין דער ו ו ע כ י ג א (אורין פענכער, בלאָז). דאָס איז אזא



### פיג. 1 (פּערפיל)

1. אורעטרא.
2. אונטערשטער טייל פון דער אורעטרא.
3. וועזיגא (בלאָז).
4. אונטערשטער טייל פון בויך.
5. וועסיקולא סעמינאל (זוימען פענכער).
6. ווערו מאָנטאנאָ.
7. פּראָסטאטא.
8. טעסטיקולאָ.
9. עפּידידימיאָ.
10. דעפערענטער דורכגאַנג.
11. רעקט (גראָבע קישקע).
12. אורעטער.

### פיג. 2 (פּערפיל)

1. אורעטרא.
2. וועזיגא (בלאָז).
3. אוטעראָ (געביר־מוטער).
4. וואגינא (מוטער־שייד).
5. אָוואריאָ (אייער־שטאָק).
6. טראָמפּא.
7. אונטערשטער טייל פון בויך.

### פיג. 3 (פּאָרנט)

1. וואגינא (מוטער־שייד).
2. אוטעראָ (געביר־מוטער).
3. אָוואַריאָס (אייער־שטאָקן).
4. טראָמפּאס.

פארטיפונג, וואָס געפינט זיך אין אונטערשטן טייל פון בויך און וואו עס זאַמלט זיך דער אורין, וועלכער קומט פון די נירן דורך צוויי דינע דורכגענג, וואָס הייסן א ו ר ע ט ר ע ן און וועלכע, ארויסגייענדיק פון די נירן, גייען אראָפּ פון ביידע זייטן בויך אין דעם אורין־פענכער. צווישן דעם אורין־פענכער און דעם ר ע ק ט (גראָבע קישקע, קארקאשטע), הינטער איר, געפינט זיך אן אָרגאַן, די פּראָסטאטא (א דריז), די גרויס פון א קאשטאן און וועלכע די דאָק־טוירים לאָקאַליזירן עס דורך דעם ר ע ק ט אַ ל ט א ק ט : פון דער פּראָסטאטא גייט א דורכגאנג, וואָס פאלט אריין אין דער אורעטרא, און וועלכע לאָזט דורך די פּ ר אָ ס ט א ט א־פ ל י ס ק י י ט (איינע פון די עלעמענטן, וואָס שטעלן צונויף די ע ס פּ ע ר מ א) פון דער פּ ר אָ ס ט א ט א צו דער א ו ר ע ט ר א , וואו קאָמבינירנדיק זיך מיט אנדערע ס ע ק ס ו ע ל ע פליסי־קייטן, ווערט ענדלעך אויסגעפאָרמירט די עספּערמא. אָט די אנ־דערע סעקסועלע פליסיקייטן קומען פון די ט ע ס ט י ק ו ל אָ ס (אייער), וואָס געפינען זיך אויף ביידע זייטן פון גליד. פון די טעס־טיקולאָס קומט אריין די סעקסועלע פליסיקייט אין דער אורעטרא דורך צוויי דורכגענג וואָס הייסן די ד י ע פ ע ר ע נ ט ע ד ו ר כ־ג ע נ ג . אָט די דאָזיקע קאנאלן, דורכגייענדיק אריבער דער פּראָ־סטאטא, פארברייטערן זיי זיך און פאָרמירן צוויי קליינע פּארטי־פונגען, וואָס הייסן ו ו ע ס י ק ו ל אָ ס ס ע מ י נ א ל ע ס , די זאָמען־פענכער; דורך די דאָזיקע פענכער, ווערט די זאָמען־פליסיקייט אריינגעפירט אין דער א ו ר ע ט ר א .

די געשלעכטס־אָרגאנען פון דער פרוי באַשטייען: פון דער ו ו א כ י נ א , די מוטער־שייד, וועלכע בשעת דעם סעקסועלן אקט,

איז עס די אויפנעמערן פון מענלעכן גליד; איבער דער מוטער־שייד געפינט זיך די א ו ט ע ר א (געביר־מוטער), אין וועלכער עס דרינגט אריין די עספערמא און וואו עס איז דער פלאַץ פון באַ־פרוכפערונג און פון דער פאָרמירונג פון דעם נייעם וועזן. אין דעם אויבערשטן טייל פון דער געביר־מוטער, אין אירע ביידע זייטן, פאלן אריין די ט ר אָ מ פּ א ס, דאָס זיינען צוויי דורכגענג, וואָס ברענגען די אייעלעך פון יעדער אָוואריאָ (אייערשטאָק, די אָרגאנען, וואו עס פאָרמירן זיך די סעקסועלע פּראָדוקטן פון דער פרוי און וואָס געפינען זיך אין דעם אונטערשטן טייל פון דעם בויך) ביז דער עפענונג פון דער געביר־מוטער. דאָס אייעלע (אָ ו ו א ו ל אָ), קומענדיק אין קאָנטאַקט מיט די ע ס פּ ע ר־מ א ט אָ ז אָ א י ד ן (דער הויפּט־פּראָדוקט פון דער עספערמא) ווערט באפרוכפערט פון זיי און צופאסנדיק זיך צו די ווענטלעך פון דער געבירמוטער גיט דעם אָנהויב פאַר דעם עמבריאָן. ביי דער פרוי איז דער אורין־אפּאראט אומאָפּהענגיק פון דעם געשלעכטס־אפּאראט.

ב) דער טריפּער

וואָס איז דער טריפּער?

דאָס איז אפשר פון די מער אָפטע צווישן די וועגערישע קראנקהייטן. עס רעספּעקטירט נישט קיין ראסע עלטער און געשלעכט. קינדער, שוין באלד נאָך זייער געבוירן, זיינען מסוגל זיך אָנצושטעקן פון דער קרענק, פון וועלכער עס ווערט שטאַרק געשעדיקט זייער ראיה, וואָס קען פאַראורזאַכן בלינדקייט אַלס רעזולטאַט פון אַן אויגן־אַנטצינדונג (ק אָ נ כ ו נ ט י ו ו י ט י ס פּ ו ר ו ל ע נ ט א).

אין די ערשטע קינדער־יאָרן קען דער קאָנטאַקט מיט די עלטערן אָדער פאמיליע־פריינט, וואָס זיינען אָנגערירט פון טריפּער, אָדער דאָס נוצן זייערע קליידער, זיין א מאָטיוו פאר אָנשטעקונג. נאָכן ווערן סעקסועל רייף, איז די אקצידענטאַלע אָדער אומדירעקטע אָנשטעקונג זייער א זעלטענער אויסנאַמס־פאל; די אָנשטעקונג קען דאן פאָרקומען נאָר דורך א סעקסועלן קאָנטאַקט מיט א קראנקער פערזאָן.

ווי א סאָציאַלע קרענק איז דער טריפּער אומדיסקוטירבאר, ניט אזוי געפערלעך ווי דער סיפילים, ווייל דאָס איז אַ פּראָצעס, וואָס בלייבט לאָקאַליזירט אויסשליסלעך אין די געשלעכטס־אָרגאַנען. עס רירט נישט אָן סיידן אין אויסנאַמס־פאלן דאָס בלוט (1 אויף צען טויזנט פאלן). די הויפּט־געפאר פון דער קרענק באַשטייט אין די קאָמפּליקאַציעס, וואָס קענען אַנטשטיין, ווען די קרענק ווערט שלעכט געהיילט אָדער ווערט פארנאכלעסיקט, אָדער ווען מען דערלאָזט איר דערגיין צו אַ כראָנישן צושטאַנד. אָט די קאָמפּליקאציעס דערפירן צו דעם, אז דער קראנקער מוז פארלאָזן זיין באַשעפטיקונג אויף א גאנץ לאנגע צייט. ביי דער אינפעקטירטער פרוי זיינען די קאָנסעקווענצן פון טריפּער אין א געוויסער מאָס ערגער ווי ביי דעם מאַן. די אַנטצינדונג פון דער געבירמוטער קען זיך קאָמפּליצירן און שאפן אן אַנטצינדונג אין די אָוואריאָס (אייער־שטאָקן) פון וואָס זיי קענען געשעדיקט ווערן. עס קען זיך שאַפן אייטער און זיך ענדלעך נויטיקן אין א כירורגישער אָפּעראציע. אלס רעזולטאט פון אזאַ אָפּער־

ראציע, אין פאל אויב עס ווערן אויסגעשניטןביידע אָוואריאַס, פארלירט מען יעדע מעגלעכקייט צו האָבן קינדער. זשאנעט, דער באוואוסטער פראנצויזישער ספּעציאַליסט, שטעלט פעסט, אז דריי פערטל פון די געשלעכטס-שעדיקונגען ביי די פרויען זיינען א קאָנ-סעקווענץ פון טריפּער.

פון סאָציאַלן שטאַנדפונקט איז דער טריפּער גאנץ ווייט פון צו זיין א קרענק אָן ערנסטער באַדייטונג; אויב, אמת, די דאָזיקע קרענק פאַראורזאכט נישט קיין טויט-פאַלן, איז עס אָבער א סך מאָל אן אורזאך, וואָס דערפירט ביז אן אינוואלידן-צושטאַנד און שאפט זייער ערנסטע מאָראלישע אומאָנגענעמלעכקייטן. ווען דער טריפּער רירט אָן ביים מאַן די טעסטיקולאָס, שאפנדיק אן אנטצינדונג אין ביידע, איז דאן אבסאָלוט זיכער, אז דער מאן וועט שוין נישט קע-נען שאפן מער קיין קינדער.

לויט דער פאָרם, ווי די קרענק ווערט איבערגעגעבן, איז דער טריפּער אן אויסשליסלעך וועגערישע קראנקהייט. איך מיין דאָס צו זאָגן, ווייל אין 99 פראָצ. פון די פאלן, איז אומבאדינגט א גע-שלעכטלעכער אקט, נישט אזוי ווי דער סיפילים, וואָס ווערט אָפּט-מאָל איבערגעגעבן דורך אן אומשולדיקן קוש. ער רירט אָן אויס-שליסלעך די געשלעכטס-אָרגאנען; עס איז זייער זעלטן, כמעט אומ-מעגלעך אין אנדערע טיילן פון קערפּער, ווי אין נאָז, מויל אָדער האלז. עס טרעפט אָבער יאָ פאלן פון טריפּער אין דעם רעקטאָ (גראָבע קישקע), וואָס עס איז א רעזולטאט פון פארדאָרבענער סעק-סועלער פּראקטיציטרונג.

ג) זיין פאַרטיילונג איבער דער וועלט: דער טריפּער ווי דער סיפילים, איז אויסשליסלעך אין אייגנטלעכע קרענק פון דעם מ ע נ ט ש ל ע כ ן מ י ן. עס ווערט אויך איבערגעגעבן נאָר דורך א צווישן-פּערזענ־לעכער אָנשטעקונג, דירעקט אָדער אומדירעקט (דורך זאכן אָדער חפצים געניצטע פון א קראַנקן). אָט דער לעצטער אופן פון פאַראורזאַכן אן אָנשטעקונג איז אָפטער ווי ביים סיפילים, ווייל דער מיקראָב פון טריפּער, וואָס געפינט זיך אין אייטער פון קראַנקן אָרט, איז ווידערשטאַנדספעאיקעד. וואָס שייך דער פאַרטיילונג פון דער דאָזיקער קרענק אין דער וועלט, איז אַלץ, וואָס עס איז געזאָגט געוואָרן וועגן סיפילים איז אָנווענדבאר אויך וועגן טריפּער.

ד) זיין פאַרשפּרייטונג: דער טריפּער איז א קרענק, וואָס איז גאַנץ באַדייטנדיק פאַרשפּרייט; עס איז ניטאָ קיין באַפעלקערטער פּלאַץ, ווי קליין דאָס זאָל נישט זיין, וואו ס׳זאָלן זיך נישט געפינען קיין אָנגערירטע פּערזאָנען פון דער קרענק. אין די גרויסע צענטערן קען מען רעכענען, אז 70 פּראָצ. פון דער באַ־פעלקערונג איז אָנגערירט. לויט זשאנעט זיינען פאַראַן אין אייראָפּע 3 פאַלן פון טריפּער אויף יעדן פאַל פון סיפילים. די סיבה פון דער דאָזיקער אויסעראָרדנטלעכער פאַרשפּרייטונג באַשטייט הויפּטזעכ־לעך אין דעם, וואָס עס ווערט נישט אָפּגעגעבן קיין באַזונדער באַדיי־טונג דער דאָזיקער קרענק. צווישן יונגע מענטשן איז געוויינלעך אָנ־גענומען, אז באַקומען א טריפּער איז א מין פּאַטענט פון מענלעכקייט. ס׳דויערט אָבער נישט לאַנג ווי דער קראַנקער זעט זיך ארום אויף זיין טעות. די פּלוצלינגע ענדערונגען בשעת דער היילונג, די מאָראַלישע

אומאָנגענעמלעכקייטן, די מעגלעכקייטן פאר קאָמפּליקאציעס אָדער דאָס אויסברעכן פון די זעלבע, אַנטדעקן זייער שנעל דעם טריפּער-קראנקן, ווי פאלש עס איז געווען זיין מיינונג וועגן דער ווייניקער באַדייטונג, וואָס ער האָט צוגעגעבן דער קרענק, אויף וועלכער ער האָט געליטן.

ה) זיין אָנשטעקונג: דער פאראורזאכער אגענט פון דעם טריפּער איז א מיקראָב וואָס איז אנטדעקט געוואָרן פונם דייטש-אידישן וויסנשאַפטסמאַן נ י י ס ע ר; דורכן מיקראָסקאָפּ ווערט ער פאַרגעשטעלט אין דער פאָרם פון א פּיטשינקער פאסאָליע, גרופּירט אין פּאָרן און איינגעשלאָסן אין אַ קלאָרן קרייז; ער ווערט שטענדיק באַגלייט פון קליינע אייטער קערנדלעך. עס איז נישטאָ קיין פּערזאָן וואָס זאָל זיין פאַרהיט פון טריפּער-אָנשטעקונג און ווי דער סיפילים מאַכט ער נישט קיין אונטערשיד פאר ראסע, עלטער און געשלעכט. אין דער מערהייט פאלן האָט דער טריפּער א ווענערישן שורש, ד. ה. אז אויב ביי דער פרוי איז מעגלעך אן אָנשטעקונג דורך באַנוצן זאכן פון א-טריפּער קראנקן (באזונדערס די רערלעך פאר לאַוואַכעס און ענעמעס, היגיענישע טיכער) קען דער מאַן די קרענק באקומען נאָר נאָך א סעקסועלן קאָנטאַקט.

ד ע ר ג אָ נ אָ ק אָ ק פ ו ן נ י י ס ע ר קען זיך אויפהאלטן א סך צייט אין דעם מענטשלעכן אָרגאַניזם איז די ערטער וואו ער האָט געשאַפן וואונדונגען. איינגעוויקלט אין אייטער וואָס עס גיבן ארויס די וואונדן קען ער לעבן א סך טעג אין דער דרויסנדיקער וועלט, קענענדיק זיך קעגנשטעלן דער ווירקונג פון אויסערלעכע עלעמענטן. (אזוי ארום איז פארשטענדלעך פארוואָס דער

מיקראָב קען זיך אויפהאלטן אין די רערלעך פון ענעמעס אָדער לאַ־וואכעס, אין די וועש פון טריפּער־קראנקע א. א. וו. דעריבער איז נויטיק צו לאָזן איבערקאָכן שטענדיק די דאָזיקע רערלעך פארן באַ־נוצן זיי און וואָס שייך וועש, דארף דער קראנקער שטענדיק האל־טן ארומגעוויקלט די וואונדיקע ערטער מיט גאז און וואטע, כדי אויסצומיידן, אז דער אייטער זאָל פארפלעקן די וועש).

פון דעם מאָמענט פון אן אָנשטעקנדיקער פאַרונג ביז דעם אויסברוך פון דער קרענק איז פאראַן א פּ ע רי אָ ד פ ו ן אי נ ק ו ב אַ צ י ע וואָס איז אין דורכשניט פון דריי ביז פיר טעג, אָבער עס קען טרעפן פאלן, וואָס דער דאָזיקער פּעראָד דויערט אויך 6 און 10 טעג. איך האָב פעסטגעשטעלט ביי קראנקע ביז 15 טעג דעם דאָזיקן פּעריאָד. די קרענק איז אָנשטעקנדיק אין משך פון איר גאנצן אנטוויקלונגס־פּעריאָד און אפילו אויך אין דער צייט פון איר היילונג, ווען זי איז בלויז ווארשיינלעך אויסגעהיילט אָדער פארנאכלעסיקט אָן דער געהעריקער באהאנדלונג. די געפאר פון אָנשטעקונג עקזיסטירט אלזאָ ביז דער קראנקער איז נישט פול־שטענדיק אויסגעהיילט און נעמענדיק אין אכט די גרויסע שאָדנס, וואָס עס קאָן פאראורזאכן אַ נישט ריכטיקע פעסטשטעלונג פון דער אויסהיילונג, איז דעריבער ווינטשנסווערט אונטערוואַרפן דעם פּאַ־ציענט א גאנצע רייע פון פּרואוון, וואָס מיר וועלן ווייטער באַשרייבן.

די אָנשטעקנדיקע פּראָדוקטן שטעלן מיט זיך פאָר: דער אייטער און די סעקרעציעס, דאָס וואָס עס ווארפן ארויס די יאטרענדיקע וואונדן פון טריפּער קראנקן, באזונדערס וואָס עס קומט ארויס פון דער א ו ר ע ט ר א און ו ו א כ י נ א.

די מער געוויינלעכע אָנשטעקונגס־פאָרם, און מיר וועלן נישט

מיד ווערן דאָס איבערצוחזרן, איז די דירעקטע, דאָס מיינט, אין דער צייט פון דעם סעקסועלן אקט. ווען איינער פון די אָנטיילנעמער איז אָנגערירט פון דער פלאָג. דאָס אומדירעקטע איבערגעבן פון דער קרענק, ד. ה. דורך אָנשטעקנדיקע חפצים (וואָס עס איז הויפּטזעכלעך די וועש און דאָס בעט פון טריפּער־קראנקן) — די פאלן זיינען זייער זעלטן, כאָטש אָפטער ווי ביי סיפילים, אזוי שטעקן זיך צומייסטן אָן קינדער, באזונדערס מיידלעך.

ו) זיינע סימפּטאָמען, געפאַרן און קאָמפּליקאציעס: די סימפּטאָמען פון טריפּער. מיר וועלן פריער שטודירן וואָס עס איז דאָ צו באַאָבאַכטן ביי דער פרוי. אין דער צייט, ווען ביי דעם מאַן, אין אָנהויב פון דער אָנשטעקונג, באַווייזן זיך סימפּטאָמען אויסשליסלעך ביי דעם אורעטרא (אורעטריטיס), זיינען די סימפּטאָמען פון דער זעלבער קרענק ביי דער פרוי א סך מער פארשידנאַרטיק. דאָס נעמט זיך פון דעם באזונדערן און מער קאָמפּליצירטן צוזאמענשטעל פון אירע געשלעכטס־אָרגאנען. אזוי ביי דעם מאַן ;וי ביי דער פרוי ווערן די אָנפאנגס־סימפּטאָמען אָנגערופן שארפע סימפּטאָמען. ביי דער פרוי ווערט קאָנסטאַטירט פון ערשטן מאָמענט אָן אַ גרויסע און שמערצלעכע אויפרייצונג ביי דער עפענונג פון דער שיידמוטער (וואכינא). די אויסערלעכע געשלעכטס־טיילן זיינען רויט, געשוואָלן און עס באַווייזט זיך א גרינלעכער געדיכטער אייטער. אין אנדערע פאלן זיינען די סימפּטאָמען שוואכער, אָבער שטענדיק זיינען זיי באגלייט מיט שמערצן און אייטער. באַלד דערנאָך ווערט אנטצונדן די אויבערשטע טייל פון דער וואכינא. נאָענט צו דער געביר־מוטער (אור־

טעראָ) און אז די אינפעקציע פארשפרייט זיך, ווערט אויך אָנגע־
רירט דער דאָזיקער אָרגאַן און אפטמאָל אויך די ט ר אָ מ פּ א ס,
די דורכגענג. וואָס פירן צו די שטאָק אייער און אויך די שטאָק
אייער (אָוואריאָס). אין דעם לעצטן פאל האָבן מיר פאר זיך א שאר־
פע אנטצינדונג פון דעם גאנצן געשלעכטלעכן אפאראט פון דער
פרוי, מיט גרויסע ווייטיקן אין אונטערשטן טייל פון בויך און גאנץ
הויכע טעמפּעראטור. אזא בילד צווינגט א סך מאָל אָנצואווענדן א
כירורגישע אינטערווענץ. נאָך דעם דאָזיקן שארפן פעריאָד האָט די
קרענק א טענדענץ איבערצוגיין אין א כראָנישן צושטאַנד, וואָס עס
איז דער ערגסטער פון אלע צושטאַנדן, ניט נאָר ווייל עס ווערט
שווערער די היילונג, נאָר אויך, ווייל דאָס איז א צושטאַנד א
שטענדיק אָנשטעקנדיקער און קען דויערן לאנגע יאָרן. ווען דער
טריפּער איז כראָניש, איז א סך מאָל שווער אפילו פאר א דאָקטאָר
אן עקספערט פעסטצושטעלן דורך קלינישער באַטראכטונג אויב
עס געפינט זיך דער גאָנאָקאָק. אין די פאלן מוז מען אָנקומען צו דער
הילף פון אנאליז וואָס דארף פעסטשטעלן, אויב די גאָנאָקאָקן זיינען
נאָך פאראן אָדער נישט. דער כ ר אָ נ י ש ע ר ט ר י פּ ע ר,
לויט אן אלגעמיינעם כלל לאָזט נישט פילן קיין שום שמערצן און
מען דערקענט אים בלויז דורך דער אָנוועזנהייט פון א ווייסלעכן
פלוס, אָפטמאָל אין אזא קליינער מאָס, אז די פרוי האלט זיך שוין
פאר געזונט; אין די אומשטענדן איז די אָנשטעקונגס־געפאר נאָך
גרעסער און דאָס דערקלערט וואָס עס טרעפט, ווען מען באשול־
דיקט א פרוי, אז זי האָט אָנגעשטעקט א טריפּער, פארזיכערט זי
גאנץ אויפריכטיק איר אומשולד. אין דעם פעריאָד פון די מאָנאַט־
לעכע (מענסטרואציע) איז דעמאָלט אמלייכטסטן זיך אָנצושטעקן,

ווייל דורך דעם פלוס פון בלוט, וואָס עס מאכן דורך די געשלעכטס־אָרגאנען פון דער פרוי, ווערט דער גאָנאָקאָק אָנגרייפנדיקער. עס זיינען פאראן פעריאָדן, ווען דער גאָנאָקאָק ווערט פאסיוו, ער ווערט איינגעזעסן, קריכט ארויס פון זיין באַהעלטעניש נאָר אין דער צייט פון די מאָנאַטלעכע, אָדער פון צופיל טרינקען אלקאָהאָל־געטראַנקען; דאָס דערקלערט אונז, וואָס ביי געוויסע אומשטענדן קען טרעפן, אז א קראנקע פרוי זאָל נישט אָנשטעקן. דאָס איז דעמאָלט, ווען זי האַלט זיך שטארק היגיעניש, טרינקט נישט און היט זיך אָפּ אין דער צייט פון מענסטרואציע; אָבער פונדעסטוועגן איז די געפאר פון אָנשטעקונג גרויס, אפילו ביי די דערמאַנטע לעצטע אומשטענדן.

איינער פון די מער אָפטע פאלן וואָס פּרעזענטירן זיך פאר אַ דאָקטאָר איז דער פאָלגנדער: אַ מאן, וואָס האָט געליטן אויף אַ טריפּער אין זיין יוגנט ער האָט אים נישט אויסגעהיילט און ער האָט דערנאָך חתונה. ער שטעקט אָן זיין פרוי. דעמאָלט גייען ביידע צו אַ דאָקטאָר זיך היילן. דער מאן וועלכער היילט זיך פריער אויס, האָט דערנאָך מורא צו האָבן באַציאונגען מיט זיין פרוי, ווייל ער ווייסט, אז איר היילונג איז א שווערערע און דויערט א סך לענגער און ער האָט דעריבער מורא צו האָבן באַציאונגען מיט איר, כדי ע ר זאָל זיך א י צ ט נישט אָ נ ש ט ע ק ן; אָדער ער וויל איינפאך וויסן, אויב זיין פרוי איז פולשטענדיק אויסגעהיילט. פאר א דאָקטאָר איז אָבער שווער דורך בלויז א קליניש̇ן עקזאמען פעסטצושטעלן די אבסאָלוטע אויסהיילונג פון א פרוי. ביי אַ פרוי, איז נויטיק, אויף פעסטצושטעלן אויף זיכער די אויסהיילונג, ערשטנס א געוויסן מאָס געדולד, דערנאָך א סך פּרואוון פון שפּייז און געטראנק, און שליסלעך עקזאמינירן א סך מאָל דורכן מיקראָסקאָפּ

די ס ע ק ר ע צ י ע ס, וואָס קומען ארויס פון פארשידענע טיילן פון דער פרויס געשלעכטס אפּאראַט, כדי צו קענען קאָנסטאַ־טירן די אָפּוועזנהייט אָדער אָנוועזנהייט פון דעם גאָנאָקאָק־מיקראָב.

מען קען פעסטשטעלן, אז ווען עס גייט פארביי דריי מאָנאַטן און דער שארפער טריפּער איז ניט געוואָרן אויסגעהיילט, גייט ער איבער אין א כראָנישן צושטאַנד.

ה ע ר ט ר י פּ ע ר ב י י ם מ א ן: ס׳איז נויטיק פריער פון אלעמען אָנצואווייזן, אז ס׳זיינען פאראן צוויי פאָרמען פון טרי־פּער. דער ש א ר פ ע ר, דאָס איז דער, וואָס קומט באלד איינינקע טעג נאָכן אָנשטעקן זיך און דער כ ר אָ נ י ש ע ר, וואָס פאָלגט נאָך דעם שאַרפן אויב די היילונג אין געווען א שלעכטע אָדער אינ־גאנצן א פארנאכלעסיקטע. מיר וועלן דאָ פריער ארומשרייבן די סימפּטאָמען פון דעם שאַרפן טריפּער. ביים מאן ווערט ער כאראַק־טעריזירט דורך אן אנטצינדונג אין דער אורעטרא; אויפן דריטן טאָג נאָכן אָנשטעקן זיך, הויבט מען אָן פילן אן אומאָנגענעמען קיצ־לען אין דער אורעטרא. א טאָג שפּעטער באווייזט זיך אין דער עפענונג פון דער אורעטרא אַ טראָפּן אייטער, באלד נאָכן באווייזן זיך פון אייטער, פילט דער קראנקער א ברענונג ביים לאָזן אורין. אָפּטמאָל איז די דאָזיקע ברענונג אזויפיל שטאַרק, אז דער קראנקער ווערט געצוואונגען איינצוהאלטן זיך פון לאָזן אורין. אין די ערשטע 15 טעג (אויב דער קראנקער ווארפט זיך נישט אונטער א מעדיצינישער באַהאַנדלונג) גייט ביים קראנקן א סך אייטער פון א גרינלעכן קאָליר, וואָס פלעקט שטאַרק די וועש; אָפּטמאָל, אויב די אנטצינדונג איז שטאַרק, איז עס נאָך באַגלייט פון א טראָפּן בלוט; אין דעם פאל קען מען אויך באמערקן א געשווילעכץ פון גליד. די

שמערצן ביים לאָזן אורין פארשווינדן ביסלעכווייז. א צווייטער סימפטאָם איז דער ו ו י י ט י ק, ו ו ע ן ד ע ר ג ל י ד ה ו י ב ט ז י ך א ו י ף. דער אייטער איז פון די וויכטיקסטע סימפטאָמען פון טריפּער. ער איז אָנגעפילט מיט גאָנאָקאָקן און אין דעם פעריאָד איז עס, ווען דער קראנקער איז אמערסטן אָנשטעקנדיק; מען דארף זיין פאָרזיכטיק ניט אָנרירן מיט די פינגער די געשלעכטס-טיילן, כדי אויסצומיידן די פארשפרייטונג פון דעם אָנשטעקנדיקן אייטער. פונדעסטוועגן ווען דער קראנקער ווערט אונטערגעוואָרפן אונטער דער ווירקונג פון א קלוגער באַהאנדלונג, אָנגעפירט פון א ספּעציאַליסט אויף דעם געביט, קאָן אין א פּאָר טעג ארום פאָרקומען אַ געוויסע בעסערונג און עס קאָן פאַרמיטן ווערן, אז די אלע אויבן באַשריבענע סימפטאָמען זאָלן זיך כמעט נישט באווייזן; נאָך אַ פּאָר טעג פון באַהאַנדלונג (ווי איך האָב עס פיל מאָל באַאָבאכט ביי מיינע פּאציענטן) ווערט דאָס אייטערן באדייטנדיק וויניקער. דער אייטער אליין ווערט פון גרינלעכן קאָליר פארוואנדלט אין א וויסלעכן און מיט נאָך אייניקע טעג פארשווינדט עס אינגאנצן, עס הערן אויף די ווייטיקן בשעת דאָס לאָזן פון אורין אָדער ביים אויפהויבן זיך פון גליד. עס איז דעריבער ראטזאם, אז די וואָס האָבן דעם אומגליק קראנק צו ווערן, זיי זאָלן גלייך, ווען זיי באמערקן די ערשטע פארדעכטיקטע סימפטאָמען, זיך ווענדן נאָך מעדיצינישער באַהאנדלונג, ווייל אזוי ארום קענען זיי פארמיידן ערשטנס די אנטוויקלונג פון די אויבנבאַשריבענע סימפטאָמען און צווייטנס, די דערשיינונג פון קאָמפּליקאציעס, וואָס, ווי מיר וועלן ווייטער זען, זיינען זיי זייער אומאָנגענעם, זיי שטערן דער היילונג פון דער קרענק און באגינסטיקן דער פארלענ-

גערונג פון דערזועלבער. אזא איז די אנטוויקלונג פון דער קרענק אין איר שארפן פעריאָד. אָבער נישט שטענדיק אַנטוויקלט זי זיך אזוי איינפאך. אויך אין דער צייט פון דער היילונג קענען דערשיינען קאָמפּליקאציעס, אָבער דאָס איז מערסטנטיילס שוין געווענדט פון א שלעכטער באַהנדלונג אָדער פון פארנאכלעסיקונג און אומגעדולד פון קראנקן, וועלכער, כדי וואָס שנעלער זיך אויסהיילן, נעמט ער זיך צו אויסעראָרדנטלעכע רפואות אָדער ער לאָזט זיך פאַרפירן פון ניט-ערלעכער פראָפּאגאנדע, וואָס פאַרזיכערט אים די פולשטענדיקע אויסהיילונג פון דער קרענק דורך מעטאָדן, וואָס האָבן גאָר ניט צו טון מיט וויסנשאַפט און אין א זייער קורצער צייט, א סך וויינ יקער ווי עס ווייזט אָן די מעדיצין, ווען זי ווערט פראקטיצירט דורך ערנהאַפטע דאָקטוירים.

כ ר אָ נ י ש ע ר ט ר י פּ ע ר : ווען אַ קראַנקער האָט זיך פאַרנאַסלעסיקט אָדער ער האָט זיך שלעכט געהיילט (הויפּטזעכלעך ווען ער האָט אָנגעווענדעט מיטלען, וואָס זיינען נישט זייער בשלום מיט דער מעדיציגישער וויסנשאַפט), דאַן גייט דער טריפּער אריבער אין זיין כראָנישן צושטאַנד. די גאָנאָקאָקן שאפן ספּעציעלע וואונדן אין דער אורעטרא אָדער אין דער פּראָסטאטא, וואו זיי באַזעצן זיך. אָט די פאָרם פון טריפּער ווערט כאראקטעריזירט, הויפּטזעכלעך דורך ניט פאַרשאַפן קיין שמערצן דעם קראַנקן. דאָס איינציקע, וואָס דער קראנקער באַמערקט איז אָפּן פרימאָרגן א טראָפּן אייטער אין עפענונג פון דער אורעטרא. אָפטמאָל איז אויך קיין אייטער ניטאָ, נאָר באַטראַכטנדיק דעם אורין, באַמערקט מען, אז עס איז מוטנע (און אַמאָל דאָס אויך ניט), אָבער שטענדיק איז דער אורין פול מיט

אזעלכע פעדימלעך, וואָס מען רופט פ י ל א מ ע נ ט אָ ס, דאָס איז דער אייטער, וואָס גייט ארויס פון די וואונדן פון דער אורעט־רא אָדער פון דער פראָסטאטא. אָט דער סאָרט טריפּער איז דער געפערלעכסטער, ווייל נישט האָבנדיק קיין זיכערע סימפּטאָמען, מאַכט עס א סך מאָל גלויבן דעם פאציענט, אז ער איז שוין אויס־געהיילט; ער שטעלט מיט זיך פאָר אזוי ארום א קוואל פון שטענ־דיקער אָנשטעקונג. עס זיינען פאראן פאלן, ווען דער כראָנישער טריפּער ווערט כאראקטעריזירט דורך שאפן א לייכטע קיצלונג אין דער אורעטרא פון קראנקן, ווען ער מיסברויכט מיט עסן שארפע זאכן אָדער מיט אלקאָהאָלישע געטראנקען.

דאָס שרעקלעכסטע איז, וואָס דער כראָנישער קראנקער גע־וויינט זיך צו צו זיין קרענק, אז ער הערט אויף איר צוצוגעבן וועל־כע עס איז באדייטונג. ער פארנאכלעסיקט זיך און אויסער דעם, וואָס ער פארוואנדלט זיך אין א שטענדיקן קוואל פון אָנשטעקונג פאר אנדערע, דערלאָזט ער גלייכצייטיק די גאָנאָקאָקן פאָרצוזעצן מיט זייער ארבעט פון צעשטערן זיינע געשלעכטס־אָרגאנען, מיט די קאָנסעקווענצן, וועלכע מיר וועלן ווייטער זען, אָבער אייניקע פון וועלכע מיר קאָנען שוין דאָ אָנווייזן און דאָס זיינען: דאָס שאפן א דריקונג אין דער אורעטרא און די דערשיינונג פון ס ע ק ס ו ע־ל ע ר ש וו א כ ק י י ט.

ג ע פ אַ ר ן און ק אָ מ פּ ל י ק אַ צ י ע ס פון דעם ש אַ ר פ ן און כ ר אָ נ י ש ן ט ר י פּ ע ר: דער טרי־פּער ביים מאַן ברענגט צוויי ערנסטע סאָרטן פון אק־צידענטן: ד י פּ ר י צ י י ט י ק ע ק אָ מ פּ ל י ק א צ י ע ס,

דאָס מיינט די, וועלכע באווייזן זיך אין דעם שאַרפן פעריאָד פון דעם טריפער און די ש פּ ע ט ע ר ד י ק ע ק אָ מ פּ ל י ק אַ־צ י ע ס, דאָס זיינען די וואָס שאַפן זיך ווען דער טריפער ווערט כראָניש.

ד י פּ ר י ־צ ײ ט י ק ע ק אָ מ פּ ל י ק אַ צ י ע ס: די מער געוויינלעכע פון די קאָמפּליקאַציעס איז די פּ ר אָ ס ט אַ ט י ט י ס, די אנטצינדונג פון דער פּראָסטאטא־דריז. די קאָמפּליקאציע ווערט כאראַקטעריזירט אין א גרעסערער מ ו ט נ ע ק י י ט פ ו ן ד ע ם א ו ר ין, פון א געוויסן גראַד העכערער טעמפעראַטור און דאָס איינפאלן פון דעם קראַנקן און באַזונדערס דורך די שמערצן, וואָס דער קראַנקער פילט ארום דער גראָבער קישקע. אין פאל די פּראָס־טאטיטיס ווערט נישט געהיילט, קען די דריז פּאַרוואַנדלט ווערן אין אן אָרט, וואו עס ז א מ ל ט ז י ך אָ ן א י י ט ע ר, וואָס אין געוויסע פאלן איז מען געצוואונגען צו אָפּערירן, כדי צו פאַרמיידן נאָך גרעסערע קאָמפּליקאַציעס. ד י אָ ר ק י ט י ס, וואָס דאָס איז די אנטצינדונג פון די טעסטיקולאָס; היינט צו טאָג איז עס א זעלטענע דערשיינונג, נעמענדיק אין אכט די פּערפעקציאָ־נירונג אין דער מעדיצינישער באַהאַנדלונג פון דער קראַנקהייט. אָט די דאָזיקע קאָמפּליקאַציע ווערט כאראַקטעריזירט, הויפּטזעכלעך, אין א שמערצלעכער געשווילעכץ פון די בייטלען און היץ, וואָס צווינגען דעם קראַנקן ליגן צו בעט. ד י א נ ט צ י נ ד ו נ ג פ ו ן ד ע ר ו ו ע כ י נ אַ, וואָס באַווייזט זיך דערמיט, וואָס דער קראנקער מוז לאָזן אורין יעדע ווײלע, דער סימפּטאָם ווערט באגלייט פון א ב ר ע נ ו נ ג נ אָ כ ן ל אָ ז ן ד ע ם

א ו ר י ן און אויך פון בלוט־טראָפּנס. די דאָזיקע קאָמפּליקאציע איז זייער א בעלעסטיקנדע. ד ע ר ט ר י פ ע ר ר ע ו ו מ א ־ ט י ז ם פאראורזאכט אן אנטצינדונג אין איינער אָדער מער אר־ טיקולאציעס, באזונדערס אין די קני; צווינגט דעם קראנקן ליגן אין בעט, ברענגט מיט זיך גרויסע ווייטיקן און היץ. די ק אָ נ כ ו נ ־ ט י ו ו י ט י ס פ ו ר ו ל ע נ ט א איז זייער זעלטן, דאָס איז אן אָנטצינדונג פון די אויגן. דאָס טרעפט הויפּטזעכלעך ביי מינדער־ יעריקע קינדער. עס זיינען אויך פאראן אנדערע קאָמפּליקאציעס, אָבער אזוי ווי זיי זיינען זייער זעלטן, ווערן זיי פּראקטיש ניט גע־ נומען אין באַטראכט; איך באַצי זיך דאָ צו דער בלוט־אָנטצינדונג, הארץ און אָפּטמאָל פון גאנצן נערוון־סיסטעם.

ש פּ ע ט ע ר ד י ק ע ק אָ מ פּ ל י ק אַ צ י ע ס : שפּע־ טערדיקע קאָמפּליקאַציעס זיינען די, וואָס זיינען פארבונדן מיטן כראָנישן טריפּער און וואָס מאכן דערדאָזיקער קרענק אזוי געפערלעך, דערגרייכנדיק צו ווערן אן אמתע סאָציאַלע פּלאָג, דערפירנדיק א סך מאָל די וואָס ליידן אויף דער קרענק ביז אינ־ וואלידנטום. צווישן די דאָזיקע שפּעטערדיקע קאָמפּליקאַציעס זיינען די מער גרויזאמע: די כ ר אָ נ י ש ע פּ ר אָ ס ט א ט י ט י ס, די פ אַ ר ש ט אָ פּ ו נ ג פ ו ן ד י עָ ס פּ ע ר מ א ־ ק אַ נ אַ ל ן צוליב דער אָרקיטים. אויב די פארשטאָפּונג איז א דאָפּלטע פון ביידע קאנאלן, דאן איז דער מאן פאראורטיילט צו אומפּרוכטבאר־ קייט און עס זיינען זייער זעלטן די פאלן וואָס עס זאָל אזוי נישט געשען. עס זיינען פאראן מענער, וואָס באַשולדיקן זייערע פרויען

אַלס עקרות. ווען מען פּאָרשט אָבער אביסל גרינטלעכער, געפינט מען אויס, אז די אמתע שולדיקע זיינען זיי גאָר, די מענער. די פ אר ד ר י ק ו נ ג פ ו ן ד ע ר א ו ר ע ט ר א — דאָס איז איינע פון די געוויינלעכסטע און געפערלעכסטע קאָמפּליקאציעס. צוליב דעם וואָס די אורעטרא איז אונטערגעוואָרפן א כראָנישער אַנטצינדונג, ווערט די אינעווייניקסטע הויט פון דער אורעטרא פאַר־הארטעוועט אזוי, אז דער דורכגאנג ווערט וואָס ווייטער אלץ פאַר־קלענערט, אויף אזא אויפן, אז בשעת דער קראנקער גיט זיך אָפּ רעכענונג דערפון, איז אים שוין זייער שווער צו לאָזן אורין; אַלס רעזולטאט פון דער פארדריקונג אין דער אורעטרא, קומען אנדערע קאָמפּליקאַציעס, דאָס שאפן זיך פון געשווירן אויף דעם גליד און די פאַרגיפטונג פון דאָס בלוט דורך דער אורין, וואָס קאָן נישט ארויס פון אָרגאניזם. אין דער ווירקלעכקייט האָט די דאָזיקע קאָמפּליקאַ־ציע נישט געדארפט עקזיסטירן, ווייל א כראָנישער טריפּער־קראַנ־קער דארף, ווייניקסטנס, איינמאָל אין יאָר זיך לאָזן אונטערזוכן ביי א ספּעציאַליסט, וועלכער אונטערזוכנדיק זיין אורעטרא מיט א ספּעציעלער זאָנדע, קען פעסטשטעלן אוב דער דורכגאנג האָט ד נאָרמאלע מאָס אָדער ניין. אויב די מאָס איז א פארקלענערטע קען ער דורך אַ שנעלער און ניט שמערצלעכער באַהאנדלונג אויס־געפינען און פעסטשטעלן די פארדריקונג. אין קעגנפאל, ווען מען לאָזט דער פארדריקונג פּראָגרעסירן ווערט די היילונג וואָס ווייטער אַלץ שווערער און אין געוויסע פאלן קען זיך אפילו נויטיקן אַן אָפּעראציע (אורעטראָטאָמיא — וואָס עס מיינט, אויפשניידן די אור־רעטראַ מיט אזא ספּעציעלן אינסטרומענט).

ז) דער אופן פון אויס־מיידן און אָנשטעקונג: אלץ וואָס מיר האָבן געזאָגט וועגן דער דאָזיקער טעמע אין דעם קאפיטל פון סיפילים, איז אויך אָנווענדבאַר צו דער טריפּער־קראנקהייט. דער זיכערסטער מעטאָד צו פארהיטן זיך פון קריגן א טריפּער, איז נוצן דעם גומי פּרעזערוואטיוו.

ח) די היילונג: עס זיינען פאראן צוויי מעטאָדן פון באַהאַנדלונג: דעם וואָס מען רופט א ב אָ ר ט י ר נ ד ע ר און דעם וואָס מען רופט ה י י ל נ ־ ד ע ר. עס דארף דאָ געזאָגט ווערן, אז נאָך קיינמאָל ווי אין די היינטיקע צייטן איז די היילונג פון טריפּער ניט געוואָרן אזויפיל עקספּלואטירט דורך שארלאטאנעס, קוראנדעראָס, אויך דורכגעפא־לענע און עם הארצישע מעדיקער וואָס האָבן קיינמאָל נישט איבער־געטראָטן קיין אנטיוועגערישע קאָנסולטאָריע, שפּעקולירן אָן דער מינדסטער פאראנטוואָרטלעכקייט מיט דעם געזונט פון קראנקן. זיי דערקלערן זיך פאר גאַנצע העלדן אין קאמף קעגן טריפּער און זאָגן צו פאנטאַסטישע היילונגען אין דער קירצסטער צייט און „כמעט אומזיסט". זיי פּיקעווען אָן די צייטונגען מיט אומאָנשטענדיקע אנאָנסן און זיי גייען אפילו ארויס אין גאס מיט די עקלהאפטסטע פּלאקאטן, מאכנדיק א רעקלאמע, וואָס דער גרעסטער שווינדלער וואָלט עס ניט געוואגט צו טון. נישט מיט דעם באַנוגענען זיי זיך אין זייער טאקטיק פון אָפּנארן דעם קראנקן, נאָר זיי נעמען זיך אויך דאָס רעכט און פארגעניגן צו ווארפן שמוץ אויף זייערע קאָ־לעגן וואָס פּראקטיצירן די מעדיצין מיט ליבע און באזונדערס מיט אן ערלעכן געוויסן. זיי שרייען אוים, רעקלאמירנדיק נייע און מאָד־

נע באַהנדלונגס-מעטאָדן א סך פון וועלכע עס זיינען שוין פון לאנג דעפיניטיוו אָפּגעוואָרפן געוואָרן פון דער וויסנשאַפט, ווערנדיק פעסטגעשטעלט אלס שלעכטע און שעדלעכע פארן געזונט, אזעלכע ווי עס זיינען די „טריפּאפלאווינא", די „דיאטערמיא", דער „עלעק-טרישער מעטאָד" אין אלע זיינע פאָרמען. זיי דערציילן וועגן מע-טאָדן אָן שמערצן, אָן לאוואכעס, אָן איינשפּריצונגען, ווי עס ווייזט אוים היילן זיי דעם קראנקן מיט ברכות. זיי שטעלן איין קליניקעס אונטער אנאָנימע דירעקציעס, אָן א פאראנטוואָרטלעכן אָנפירער, וועלכע ווערן צומייסטן אָנגעפירט דורך א פּראָסטן קראנקנוועכטער און וועלכע ווערן פון צייט צו צייט באזוכט דורך דער פּאָליציי. ווען א דאנק דער רעקלאמע אָדער דורך איגנאָראנץ פאלט אַריין צו זיי אין די הענט א פּאציענט, זעט ער זיך זייער גיך אַרום, אַז דער „כמעט אומזיסט" איז אן אומבאַגרענעצטער געיעג פון איי-גננוציקייט און אז זיין קרענק, וואָס אן ערלעכער דאָקטאָר, פּריוואַט, אָדער אין שפּיטאָל וואָלט אים אויסגעהיילט אין אייניקע וואָכן, דויערט עס אים מאָנאַטן מיט דער דערשיינונג פון קאָמפּליקאציעס און דורך א פולשטענדקער אויסבייטלונג פון זיינע פּאָר סענט. נאָך פאַרדריסלעכער איז, וואָס ווען דער קרבן האָט שוין מער נישט קיין געלט, ווערט ער איינפאך ארויסגעטריבן פון דער דאַזיקער קליניק. עס איז ווינטשנסווערט, אז יעדער קראנקער זאָל זיין גע-וואָרנט וועגן אָט דער דאָזיקער פּלאָג, וואָס הויבט אָן לעצטנס, צום גליק, פארשווינדן מיט אַ נאַטירלעכן טויט, ווייל זייערע מע-טאָדן ווערן וואָס ווייטער אַלץ מער דעסקרעדיטירט, און דורך זייער אומטויגבארקייט ווערן זיי פאראורטיילט דורכן פּאָלקס-באוואוסט-זיין. די דאָזיקע פאקטן זיינען צום באדויערן מעגלעך אין ארגענ-

טינע, ווייל עס עקזיסטירן דאָ נישט קיין געזעצן וואָס זאָלן רעגלא־מענטירן דאָס פּראקטיצירן פון דער מעדיצין און וואָס זאָלן באַשטראָפן פאר אזעלכע אַטענטאטן קעגן דעם עפנטלעכן געזונט.

דער אַבאָרטירנדער מעטאָד: די דאָזיקע באַהאנדלונג קען נאָר האָבן דערפאָלג, ווען עס ווערט אָנגעווענדט אויפן קראנקן ביז די 24 שעה נאָך א פארדעכטיקטן געשלעכטס־אקט, ד.ה. ווען עס האָט זיך נאָך ניט באוויזן דער אייטער. אזוי ווי ס'איז זייער זעלטן, אז א קראנקער זאָל זיך כאפּן, אז ער האָט דורכגעפירט א פארדעכטיקע פאָרונג, ווערט דערדאָזיקער מעטאָר פּראקטיש כמעט ניט אָנגעווענדט. דערדאָזיקער מעטאָד באַשטייט אין אן איינשפּרי־צונג פון זילבער־זאלץ אין דער אורעטרא יעדע 12 שעה. אפילו אינם פאל, ווען דער קראנקער כאפּט זיך יאָ אין משך פון די ערשטע 24 שעה נאָך דעם פארדעכטיקן אקט, טרעפן אויך פאלן, אז די באהאנדלונג העלפט נישט. אזוי ארום קען מען נישט פארזיכערן דעם פאציענט די פולשטענדיקע ווירקונג פון דעמדאָזיקן מעטאַד.

דער היילנדער מעטאָד: היינט צו טאָג האָט זיך אויף א סך פערפעקציאָנירט די באַהאַנדלונג פון טריפער אין באַצוג צו די מעדיקאַמענטן וואָס ווערן באנוצט, אָבער שטענדיק שטעלן מיט זיך פאָר אלס גרינטלעכע היילונג פון דער קרענק די אויסוואַשונג פון דער אורעטרא, מאסאזש פון דער פּראָסטאַטאַ, און דאָס אויסציען מיט די „בעניקעס" (אייזנס). די וועלכע פארשפּרעכן דעם קראנקן א היילונג דורך ספּע־ציעלע איינשפּריצונגען, עלעקטריציטעט אָדער גראָזן אָדער אנדע־רע מאָדנע זאכן, זאָגן אומפארשעמטערהייט ליגנט און זיי ווילן

קיינמאָל נישט וואגן אָנהאלטן זייערע באהויפטונגען אויף אַ מע־דיצינישן קאָנגרעס. אויב די היילונג ווערט נישט אָנגעווענדעט אין אַ ראציאָנעלער פאָרם מיט אבסאָלוט און אויסשליסלעך וויסנשאַפט־לעכע מעטאָדן, קען מען דעם טריפּער אויף אן אנדערן אופן קיינ־מאָל נישט אויסהיילן. פאַרקערט, מען קען אים נאָר פאַרנאַכלעסיקן און דערלאָזן אריבערצוגיין אין זיין כראָנישן צושטאַנד מיט אלע זיינע געפאַרן און רעזולטאטן.

די באהאנדלונג איז אין א געוויסער מאָס פארשידן פאר דעם טריפּער אין זיין שארפן צושטאַנד און אין זיין כראָנישן, דער לעצ־טער פאָדערט א מער דויערהאפטע און מער קאָמפּליציטערטע בא־האַנדלונג.

די באַהאַנדלונג פון שאַרפן טריפער:

עס איז פארשטענדלעך, אז ביי דער היילונג דארף גענומען ווערן אין אכט די באזונדערקייטן פון יעדן קראנקן, לויט די אָנ־ווייזונגען פון זעלבן, באזונדערס די פראָפעסיע פון פאציענט. הויפּט־זעכלעך ווערט ביי היינט צו טאָג די באהאנדלונג פון שארפן טרי־פער געמאַכט אויף דער באזע פון אורעטראלע וואשונגען מיט ספּעציעלע דעזינפעקטירנדע סובסטאנצן, וועלכע זיינען פאר־שידן פאר יעדן פאל. דער אמערסטן באַנוצטער איז דער פערמאנ־גאנאט. עס זיינען היינט פאראן געוויסע אנילין־שטאָפן, וועלכע זיינען אקטיווער ווי דער פערמאנגאנאט, ווייל זיי פארשנעלערן שטאַרק די היילונג און פארמיידן אין די מערסטע פאלן דאָס דער־שיינען פון קאָמפּליקאציעס, וואָס דאָס איז, פארשטענדלעך, פון דער גרעסטער באדייטונג. די דאָזיקע וואשונגען קענען באגלייט ווערן,

לויט דעם פאַל, מיט אן אנטיגאָנאָקאָקישער אימפונג. דער דאָזיקער לעצטער מיטל, וואָס אנדערע מיינע, אַז דאָס שטעלט פאָר מיט זיך דעם הויפּט פּונקט אין דער היילונג, איז ער פונדעסטוועגן ווייט פון צו זיין אבסאָלוט ווירקנדיק און דער וואָס פארזיכערט, אַז ער היילט דעם טריפּער דורך אימפונגען, שטעלט אויס דעם קראנקן צו דער געפאר פון נישט אויסהיילן זיין קרענק און פון אריבערגייין אין כראָנישן צושטאַנד פון דער זעלבער. אין פאַל עס באַווייזן זיך קאָמפּליקאציעס, ווי די פּראָסטאַטיטיס, דארף צו די וואשונגען צוגעגעבן ווערן מ אַ ס אַ ז ש ן פ ו ן ד ע ר פּ ר אָ ס ט אַ ט א. קעגן דער אָרקיטיס, איז דער גרינגטלעכסטער מיטל, רו. אָבער היינט צו טאָג פארמאָגן מיר מיטלען, וואָס פארשנעלערן אויף א סך די זייער אומאָנגענעמע קאָמפּליקאציע, ווי דאָס זיינען די איינשפּריצונגען פון בלוט, גענומען פון דעם קראנקן אליין (אוטאָהעמאָטעראפּיא) אָדער די קאָמבינירטע אימפונג. א טריפּער אין זיין שארפן צושטאַנד, ווען ער ווערט ריכטיק מעדיציניש באַהאנדלט און ווען דער קראנקער פאָלגט נאָך פּינקטלעך די רעגלען פון א היגיעניש־דיעטעטישער פאָרשרייבונג, קען אויסגעהיילט ווערן אין זייער א קורצער צייט, פון 4 ביז 5 וואָכן. צווישן מיינע פּריוואַטע פּאציענטן האָב איך שוין פאַלן פון איין וואָך אויסהיילונגס־דויער.

## די באַהאַנדלונג פון כראָנישן טריפּער:

אין די דאָזיקע פאַלן איז די באהאנדלונג א מער קאָמפּליצירטע, ווייל אויסער דער וואשונג פון דער אורעטרא, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר די פונדאמענטאַלע היילונג, דארף מען אויך היילן די קאָמפּליקאציעס וועלכע זיינען, געוויינלעך, פאראן אין דעם צושטאַנד, ווי

די כראָנישע פּראָסטאַטיטיס און באַזונדערס די פאַרדריקונג פון דער אורעטרא. אויב עס טרעפט אפילו א סך מאָל, אַז עס איז נישט פאַראַן קיין דריקונג, מערקט מען פונדעסטוועגן א קוים מערקבארע פאַרגרעבונג פון דער אורעטרא אָדער קליינע וואונדן מיט איי־טער, וואָס פאַרפליכטן צו באַנוצן זיך ס פּ ע צ י ע ל ע אינסטרו־מענטן, וועלכע מען רופט ד י ל א ט א ד אָ ר ע ס, וואָס דאָס זיינען די בעניקעס (אייזנס) און די אזויגערופענע „קאָלמאַן דיּ־דאַטאַדאָרעס", אזעלכע ספּעציעלע אפּאַראַטן, וואָס ווערן אריינגע־טאָן אינעווייניק אין דער אורעטרא און עפענען זיך ביז א באַ־שטימטער מאָס. ביי דעם כראָנישן טריפּער איז עס אַמערסטן צו־געפּאַסט די אימפּונג, ווי אויך אַנדערע ספּעציעלע מעטאָדן, וואָס עס געהער צום אויסשליסלעכן איינזען פון פּראָפעסיאָנאַל. די אזויגע־רופענע עלעקטריציטעט־היילונג, אין אלע פאָרמען (דיאַטערמיא, אולטראַוויאָלעט־שטראַלן, עלעקטראָליסיס א. א. וו.) זיינען אבסאָ־לוט אומטויגבאַר, און אויסער דעם וואָס דאָס אלץ קאָן אָנגעווענ־דעט ווערן נאָר דורך קאָמפּעטענטע ספּעציאַליסטן, איז ניט נאָר, וואָס זיי ווירקן גאָרנישט פאַר דער היילונג פון דער קרענק, נאָר רופן נאָך אַרויס קאָמפּליקאַציעס און שטערן דעם נאָרמאַלן גאַנג פון דער קרענק, פאַר איר אויסהיילונג.

די באַהאַנדלונג פון כראָנישן טריפּער פאָדערט די גרעסטע אויפ־מערקזאַמקייט מצד דעם קראַנקן און עס קען נישט זיין קיין שום פאַרענטפערונג, דאָס פעלן פון מיטלען אויף זיך צו היילן, ווייל עס זיינען פאַראַן רעגירונגס - איסטיטוציעס (אנטיווענערישע דיספּענ־סארן), וואו עס ווערט געהיילט גאַנץ אומזיסט. דער קראַנקער אויף כראָנישן טריפּער, אויסער וואָס ער געפינט זיך אין געפאַר פאַר די

קאָמפּליקאציעס. וואָס מיר האָבן אויבן באַשריבן, שטעלט ער מיט זיך פאָר אן ערנסטע שטערונג פאר זיין פאמיליע אין די פעריאָדן, ווען די קראנקהייט נעמט אָן ווידער אירע שווערע פאָרמען און צו דעם אלעמען איז ער א שטענדיקער קוואל פאר אָנשטעקונג, פאָרשטעלנדיק מיט זיך אזוי ארום א סאָציאַלע געפאר.

## פאָרשריפטן פון היגיענע און דערנערונג וואָס עס דארף אָפּהיטן יעדער טריפּער-קראנקער

אויסער דער באהאנדלונג, וואָס עס פירט דורך דער מעדיקער, דארף דער טריפּער-קראנקער וויסן, אז כדי זיין קרענק זאָל פארשווינדן, איז נויטיק, אז ער זאָל אָפּהיטן באשטימטע כללים פון היגיענע און דערנערונג, ווייל אָן דעם קען דער נאָרמאלער גאנג פון קרענק געשטערט ווערן דורך דער דערשיינונג פון קאָמפּליקאציעס און אזוי ארום באגינסטיקן דער פארלענגערונג פון דער זעלבער. א טריפּער-קראנקער, אין זיין שארפן אָדער כראָנישן צושטאנד, (אָבער באזונדערס אין שארפן) דארף וויסן, אז ער טאָר נישט אונטערווארפן זיין קערפּער צו שווערע פיזישע איבונגען, ווי גייען, וועלאָסיפּעד פאָרן, שפרינגען און אלע אנדערע גימנאסטישע איבונגען. ער דארף זיך היטן פון פאָרן אין אָמניבוסן אָדער קאָלעקטיוון אָדער מיט אן אנדער פארקער-מיטל וואָס טרייסלט זייער; ער טאָר נישט רייטן. כדי אויסצומיידן די אָרקיטיס, איז ווינטשנסווערט צו באנוצן א סוספּענסאָר. ער דארף אויסמיידן סעקסועלע אויפרעגונגען און טאָר נישט דורכפירן קיין געשלעכטלעכן אקט, ווארום מיט דעם קען ער נאָר העלפן צו פארשפרייטן די קראנקהייט

אויף דעם גאנצן געשלעכטס־אפאראט. יעדעס מאָל נאָכן לאָזן אורין איז נויטיק זיך גוט אויסוואשן די הענט, כדי אויסצומיידן, אז אויף די פינגער זאָל בלייבן אייטער און שפּעטער מיט די פינגער זאָל מען אָנרירן אנדערע חפצים. אזוי ווי דער טריפּער איז א קרענק, וואָס רירט נישט אָן דאָס בלוט, מעג אַ טריפּער־קראנקער עסן מיט זיין פאמיליע ביי איין טיש און אויך שלאָפן מיט אנדערע אין איין צימער, אָבער אין א באזונדער בעט. זיין וועש, ווי די וועש פון זיין בעט, דארף אומבאדינגט געוואשן ווערן באַזונדער. דער טריפּער־קראנקער דארף זיך היטן נישט אָנצורירן די אויגן מיט די פינגער, ווייל ער קען זיי אָנשטעקן. א פארהייראטער אָדער נישט, דארף דער קראנקער האלטן פארוויקלט זיין גליד אין וואטע און גאז, כדי נישט איינשמוצן מיטן אייטער די בעט־וועש, באזונדערס נאָך, אין זיין שארפן צושטאַנד, ווען דער אייטער גייט ארויס, אפילו נישט אָנדריקנדיק דאָס גליד.

כדי פארלייכטערן די היילונג פון זיין קרענק, דארף דער טריפּער־קראנקער וויסן, אז עס איז אבסאָלוט פארבאָטן צו טרינקען אלקאָהאָלישע געטראנקען: וויין, ביר, ווייל די סובסטאנצן, ווען זיי גייען שפּעטער דורך דער אורעטרא, רייצן זיי אויף דעם קאַנאַל און פארלייכטערן דער אנטוויקלונג פון גאָנאָקאָק. ער טאָר נישט עסן קיין שפּייזן, וואָס אנטהאלטן שארפע געווירצן: סאָוס, פעפער, גאָרטשיצע. ער טאָר נישט עסן קיין הערינג, געזאלצענע און גערויכערטע פיש, אָנטשאָאָס, פּאָמידאָרן, רעטעך. ער טאָר נישט טרינקען קיין קאווע, מאַטע, שטאַרקע טיי, טשאָקאָלאד אָדער קאקאָאָ. דער ראטזאמסטער געטראנק פאר אים איז מילך. א סך מאָל טויג אפילו נישט ער זאָל טרינקען קיין גאז־געטראנקען (סאָדע־וואסער).

ער דארף אָפּהיטן זיין מאָגן. דאָס איז זייער וויכטיק. ער דארף זען האָבן דעם מאָגן טעגלעך. ער דארף אויסמיידן טאנצן, פארזאמ־לונגען און יעדער אָרט, וואו ער קען אויפרעגן זיין סעקסועלן גע־פיל, כדי אויסצומיידן די אויפהויבונג פון גליד, וואָס איז פאר אים זייער שעדלעך. דעריבער דארף ער אויך זען נישט צו לייענען קיין נאָוועלן אָדער זשורנאלן מיט סעקסועל רייצנדן אינהאַלט.

פינקטלעך נאָכפאָלגנדיק די דאָזיקע נאָרמען, וועט די היילונג פאָרקומען א סך לייכטער און א סך שנעלער.

## פערטער קאַפּיטל

# סאָציאַלע און פּסיכאָלאָגישע באַטראַכטונגען אין שייכות מיט די ווענערישע קראַנקהייטן

סעקסועלע דערציאונג: פון די פריערדיקע קאַפּיטלען קען זיך דער לייענער אָפּגעבן רעכענונג, אז איך האָב זיך אָנגעשטרענגט מיט דער פולער אויפריכטיקייט פון אן אומאָפּהענגיקן באַאָבאַכטער, צו באַשרייבן אויף א קלאָרן אופן די געפאַרן, וואָס עס שטעלן מיט זיך פאַר די ווענערישע קראַנקהייטן.

די גרויסע פארוויסטונגען וואָס די דאָזיקע קראַנקהייטן פאַראורזאכן, אזוי אין דעם אינדיווידום, ווי אין דער פאמיליע און אין דער געזעלשאפט; די אומגעהויערע פארשפרייטונג פון דער פּלאָג, איז געווען דער מאָטיוו, אז די רעגירונגען פון אלע לענדער זאָלן זיך אינטענסיוו פארנעמען מיט דער אויסראָטונג און פארהיטונג פון דיזעלבע. זיי זיינען די פאקטאָרן פון דער אויספעלקערונג און באַזונדערס פון אינוואלידנטום פון די פערזאָנען, וואָס זיינען אָנגערירט פון די קראַנקהייטן, הויפּטזעכלעך פון סיפילים, די קראַנקהייט, וואָס

אין פאל זי וועט נישט ווי געהעריק באהאנדלט, וועט זי פארוואנדלט אין דער כראָנישער קרענק פער עקסעלענץ.

צום באדויערן זיינען נאָך נישט פאראן קיין ספעציפישע מיטלען נישט אויף צו היילן ווי אויך נישט אויף צו פארהיטן קעגן די דאָזיקע קראנקהייטן, ווי עס איז שוין צ. ב. דאָ קעגן אנדערע קראנקהייטן ווי טיפוס, דיפטעריע, טעטאנאָס, הונט־משוגעת, פאָקן. וואָס זשע פאר א מיטלען דארפן אָנגענומען ווערן קעגן אָט די גרויזאמע שלעקן? דער ענטפער קען געגעבן ווערן דורך דורכפירן גרויסע קאמפיינען פון פאָלקס־דערציאונג, דורך וועלכע די מאסע וועט אויפגעקלערט וועגן דער נויטיקייט צו פארהיטן זיך קעגן דידאָזיקע פלאָגן, דורך באנוצן ספעציעלע פארהיטונגס־מיטלען פאר דער דורכפירונג פון א סעקסועלן אקט און דורך סעקסועלער דערציאונג באקעמפן די פאָראורטיילן קעגן די ווענערישע קראנקהייטן. צוליב די דאָזיקע פאָראורטיילן באהאלטן אויס א סך קראנקע זייער קרענק, זיי פארנאכלעסיקן זיך אליין אויס חרפה, אויסמיידנדיק יעדע מעדיצינישע באהאנדלונג, און אזוי ארום שטעלן זיי מיט זיך פאָר א קוואל פון שטענדיקער אָנשטעקונג.

עס איז נויטיק א סעקסועלע דערציאונג פון דעם מאָמענט אָן, ווען דאָס קינד באקומט פארשטאנד און שכל; פון דער אנדערער זייט איז נויטיק צו באקעמפן די איגנאָראנץ און די פאָראורטיילן וואָס עס עקזיסטירן צווישן דער יוגנט, ניט נאָר אין שייכות מיטן סעקסועלן לעבן, נאָר אויך אין באצוג צו ווענערישע קראנקהייטן, ווייל א קרענק, וועגן זי האָט פארלוירן איר געהיימעניש, קען באטראכט ווערן אלס בא-

זיגט. עס איז ווינטשנסווערט צו דערקלערן דעם קינד וועגן די געוויינלעכע סעקסועלע פּראָבלעמען אין א קלאָרער פאָרם, ווייל אויב ער אליין וועט נעמען זוכן די לייזונג צו זיי דורך שלעכט אינפאָרמירטע אָדער בייזוויליקע קוואַלן, וועט דאָס דערפירן דאָס קינד צו פאַלשע שלוסן און צו שעדלעכע קאָנסעקווענצן פאַר זיין צוקונפט. די סעקסועלע דערציאונג דארפן אָנהייבן די עלטערן, ענטפערנדיק מיט דער פולער אָפנקייט אויף די פראגן וואָס די קינדער שטעלן אין דער ריכטונג. די סעקסועלע דערציאונג דארף פאָרגעזעצט ווערן אין דער שול, אָבער דאָס געהער שוין צו די רעספּעקטיווע מיניסטעריומס פון עפנטלעכער בילדונג. מיין פעסטע מיינונג איז אָבער, אז די עלטערן דארפן זיין די, וואָס זאָלן אָנפירן מיט זייערע קינדער אין דער לייזונג פון די אלע פּראָבלעמען אין שייכות מיט זייער סעקסועלן לעבן, כדי אויף אזא אופן ניט נאָר זיי צוגרייטן ווי געהעריק, ווען זיי וועלן דערגרייכן דעם עלטער פון סעקסועלער רייפקייט, נאָר אויך אויסמיידן, אזוי ארום, אז זיי זאָלן ווערן אריינגעצויגן אין סעקסועלער פארדאָרבנקייט.

פּסיכאָלאָגישע באטראכטונגען: עס איז פאראן א קאטעגאריע קראנקע, צום גליק א מינדערצאָליקע, אויף וועמען די קרענק מאַכט אזא איינדרוק אויף זייער פּסיכישן צושטאַנד, אז דורך דעם פאקט אליין, וואָס זיי זיינען אָנגערירט פון דער דאָזיקער קרענק, רעכענען זיי זיך דערנידערט פון אלגעמיינעם ניוועל אלס מענטשלעך וועזן, אויף יעדן געביט, אזוי פיזיש ווי גייסטיק. אָט דער צושטאַנד קען זיין א פארבייגייענדיקער (אָנהאלטנדיק די ערשטע שטופּן פון דער קרענק), אָדער ער קען זיך אויך פארציען אפילו ביז נאָך דער אויסהיילונג פון דער קרענק, פאַר־

שטעלנדיק מיט זיך אן עכטע פייניקונג פאר דעם קראנקן און פי־רנדיק א סך מאָל צו זייער עקסטרעמע און אבסאָלוט נישט בארעכ־מיליטער, שול).

אָט דער קלאס פערזאָנען, באַמערקנדיק די ערשטע סימפטאָמען פון דער קרענק, אָדער נאָכדעם ווען דער דאָקטאָר שטעלט דעם דיאגנאָז וועגן דערזעלבער, ווערן זיי ארומגעכאפּט פון אזא פאנישן האָפענונגסלאָזן צושטאנד, אז עס איז ווירקלעך רירנד. עס טרעפט אפילו אז זיי פארלירן דאָס באוואוסטזיין, נאָכדעם ווי עס גייט פארביי דער דאָזיקער עמאָציאָנירנדער צושטאנד, ווערן זיי אָנגע־שטעקט מיט מעלאנכאָלישע אידייען און זעלבסטמאָרד־געדאנקען, וואָס נאָר א קלוגע ווירקונג פון א דאָקטאָר קען באַקעמפן, דערוויי־זנדיק דעם קראנקן די ווייניקע בארעכטיקונג פאר זיינע שרעקן, אינ־דערצייט, ווען די מעדיצין באזיצט היינט צו טאָג א הייל־ארסענאל פון ערשטער קאטעגאָריע. ווען מען דערגרייכט שוין איבערצוייגן דעם קראנקן, אז זיין קרענק באַדייט נישט קיין שום געפאר, מיטן באדינג ער זאָל נאָר אויספאָלגן א שטרענגע מעדיצינישע באַהאַנדלונג, טרעפט אָבער פונדעסטוועגן; אז אין פארלויף פון דער באהאנדלונג הויבט אָן דער פאציענט ארייַנפאלן אין א פעסימיזם, טראָצדעם, וואָס די סימפטאָמען פון זיין קרענק ווערן אלץ בעסער, און דאָס געשעעט אלץ אלס רעזולטאט פון שמועסן מיט פארשידענע פערזאָ־נען, וואָס אינפאָרמירן אים פאלש וועגן די שפּעטערדיקע פאָלגן פון דער קרענק. זיי מיינען, אז עס איז אוממעגלעך א פולשטענדיקע אויסהיילונג און עס וועלן אויף שטענדיק בלייבן שפורן פון דער אָנ־שטעקונג. אָבער דאָס איז גרינטלעך פאלש; א וועגעריש קראנקער, ווען ער ווערט נאָר מעדיציניש באַהאַנדלט, דארף וויסן, אז זיין

קרענק וועט פולשטענדיק פארשווינדן און אז דאָס וועט אים ניט שטערן נאָך דער אויסהיילונג צו הייראטן און צו זיין א גליקלעכער פאמיליען־פאָטער. פון דעם מאָמענט, וואָס דער קראנקער גיט זיך איבער אונטער מעדיצינישער אויפזיכט, דארף ער אוועקוואַרפן אלע פעסימיסטישע געדאנקען און דארף זיך איינמאָל פאר אלע מאָל איי־בערצייגן, אז ער וועט מיט דער פולער זיכערקייט פולשטענדיק זיך אויסהיילן. עס דארף ביי אים פארשווינדן יעדער מין צווייפל, ווייל נאָכדעם ווי עס וועט זיך ענדיקן די היילונג פארמאָגט די מאָדערנע מעדיצין לאבאָראטאָריע־מיטלען פעסטצושטעלן אויף אן ענדגילטיקן אופן וועגן דער אבסאָלוטער פארשווינדונג פון דער קרענק. עס איז אויך פאראן א קאטעגאָריע קראנקע, וואָס האָבן א נאטור צו קאָנ־טראָלירן די באהאנדלונג פון דאָקטאָר, ווען זיי האָבן איבערגע־געבן די היילונג פון זייער קרענק און יעדן טאָג קומען זיי מיט נייע אָנווייזונגען צו זייער דאָקטאָר, אז מען וואָלט געדארפט דאָס מאכן, מען וואָלט אפשר געדארפט נוצן די רפואה, אז היינט האָט ביי זיי די קרענק דעם כאראקטער און אז נעכטן איז עס געווען אַנדערש; אז לויט זייער מיינונג ווערט עס ערגער; אז עס דאכט זיך זיי, אז די באַהאַנדלונג ווערט שלעכט געפירט א. א. וו. א. א. וו. און דאָס טרעפט צומייסטן מיט די פערזאָנען, וואָס אז זיי ווערן קראנק, הויבן זיי אָן צו לייענען פארשידענע ביכער און בראָשורן וועגן ווענערישע קראנקהייטן. זיי באזוכן וויסנשאַפטלעכע קאָנפע־רענצן, וואו עס ווערן באַהאַנדלט די דאַזיקע פראגן אָדער פרעגן זיך נאָך ביי פערזאָנען, וואָס האלטן, אז זיי ווייסן, ווייל זיי זיינען אליין שוין געווען קראנק, און זיי אינטערפרעטירן שלעכט אָדער פארקערט דאָס וואָס זיי האָבן

דורכגעלעבט, זיי שילדערן זיי טראגישע בילדער, וואָס זיינען פול־שטענדיק אין קעגנזאץ פון דער ווירקלעכקייט. אזעלכע קראנקע, פארלירנדיק דעם צוטרויען צום דאָקטאָר, וואָס היילט זיי, הויבן אָן זוכן הילף ביי אַנדערע, וואָס זיינען לויט זייער מיינונג מער פע־איק, אָדער זיי לאָזן זיך באאיינפלוסן דורך פאלשע (און פאראינ־טערעסירטע) פּראָפּאגאנדע און אזוי ארום שלעפן זיי אָפּ די היילונג און פארוואנדלען זייער קרענק אין א כראָנישער; דאָס אריינלאָזן זיך אין דער מאַניע פון זעלבסטקאָנטראָלירן די היילונג שטערט דער היילונג און פאראורזאכט די אלע שפעטערדיקע געפארן. ווען א קראנקער האָט זיך איבערגעגעבן אין די הענט פון א דאָקטאָר, דארף ער האָבן צוטרויען און זיך לאָזן פירן פון זעלבן, סיידן, אז דער פּראַ־פעסיאָנאַל ווייזט זיך ארויס אומקאָמפּעטענט אויף דעם געביט, וואָס דער קראנקער קאָן זיך אין א קורצער צייט געבן רעכענונג. א וועגעריש קראנקער דארף זיך נישט לאָזן עצהן פון קיין פּראָפּאנען, מעדיצינישע אַמאַטאָרן און נישט באַנוצן קיין היימישע רפיאות. אויף דעם געביט פון וועגערישע קראנקהייטן איז צו באמערקן דעם קוריאָזן פאקט, וואָס דער פאציענט קלערט נישט איבער קיין סך און גיט זיך איבער אין די הענט פון קוראנדעראָס, שעדיקנדיק זיך אזוי ארום זיין געזונט. איך פרעג אָפּטמאָל אזעלכע פאציענטן: ווען איר וואָלט זיך געדארפט לאָזן נייען אן אנצוג, וואָלט איר זיכער ניט געגאנגען עם טאָן צו א שוסטער, טראָצדעם, וואָסביידע אר־בעטן מיט דער נאָדל. פארוואָס זשע, ווען איר ווערט קראנק אויף טריפּער צ. ב. ווענדעט איר זיך ניט צו קיין ספעציאליסט, נאָר גיט זיך איבער א וועלכן עס איז קוראנדעראָ אָדער שארלאטאן? אין דער טעגלעכער פראקטיק טרעפט מען זיך אָפט מיט אזעלכע קראנקע,

וואָס קומען אין קאָנסולטאַריע, ערשט נאָכדעם ווי זיי האָבן אויס־געפּרואווט פאַרשידענע היימישע מיטלען, אָדער זיי זיינען שוין געווען ביי פאַרשידענע אַמאַטאָרן; דאָס איינציקע וואָס זיי האָבן, פאַרשטייט זיך, דערגרייכט מיט דעם, איז פאַרערגערן זייער קרענק.

עס זיינען אויך פאַראַן פּערזאָנען, וואָס נאָך דער אויסהיילונג און נאָכדעם ווי אייניקע נאָכאַנאַנדיקע אַנאַליזן באַשטעטיקן די אויסהיילונג, צווייפלען זיי פונדעסטוועגן אין זייער געזונט ווערן; און דערנאָך, יעדער קלייניקייט וואָס טרעפט זיי, וואַרפן זיי דאָס אַרויף אויף דער קרענק וואָס זיי האָבן געליטן; זאָל זיי אָנהויבן וויי צו טאָן א צאָן, א מאָזאָל, זאָל זיי בייסן די האַנט, אָנהויבן ווערן קורצזיכטיק, זיך פאַרקילן, לויפן זיי באַלד צום דאָקטאָר מיט דער איבערצייגונג, אַז עס האָט זיך זיי אומגעקערט די קרענק. אָט די קאַטעגאָריע מענטשן דאַרפן איינמאָל פאַר אַלע מאָל פאַרשטיין, אַז זיי קענען ליידן אויף קלענערע בעלעסטיקונגען, ווי יעדער מענטש־לעכער וועזן קען ליידן פון מינדערוויכטיקע באַלעסטיקונגען אין זיין געזונט. דאָס האָט אָבער גאָרנישט צו טאָן מיט דער ווענערישער קרענק אויף וועלכער זיי האָבן אַמאָל געליטן. מיר האָבן שוין אונטערגעשטראָכן אויף א צווייטן פּלאַץ, אַז א ווענעריש קראַנ־קער אָדער א געוועזענער קראַנקער קען אַזוי גוט היילן א וואונד ווי א פולשטענדיק געזונטער. עס האָט נישט קיין שום באַרעכטיקונג אַז א ווענעריש אויסגעהיילטער מיט פעסטגעשטעלטע אַנאַליזן זאָל לעבן אין שרעק פאַר דער פּלאָג, וואָס ער האָט אַמאָל געליטן.

עס איז א סך מאָל אַן אומדאַנקבאַרע אויפגאַבע פאַר דאָקטוירים צו האַלטן אין איין עצהן די געוועזענע קראַנקע, זיי זאָלן אוועק־וואַרפן זייער מורא און זיך אָפּזאָגן פון זייערע טרויעריקע געדאַנקען.

אַט דער סאָרט קראנקע לאָזן זיך אָפּ אינגאנצן, הערן אויף צו אר־בעטן, פארלירן דעם געפיל צו זייערע נאָענטע און שליסן זיך איין אין א מעלאנכאָלישן צושטאַנד, וואָס קען דערפירן צו זייער טרוי־עריקע רעזולטאטן, ביז משוגעת. יעדער וועגעריש קראנקער דארף זיך איבערציינגן, אז ווען אן ערנהאפטער דאָקטאָר זאָגט אים, אז ער איז אויסגעהיילט, נאָכדעם ווי ער האָט דורכגעמאכט אלע נוי־טיקע פרואוון און אנאליזן, וואָס באשטעטיקן עס, איז אזא אויסהיי־לונג א רעאלע און ער דארף דעריבער זיך ארויסשלאָגן פון קאָפּ, אז ער איז גאָר אמאָל קראנק געווען. אויב עס בלייבט נאָך א מינד־סטער צווייפל, קען ער אים פארטרייבן דורך זיך לאָזן מאכן אנא־ליזן נאָך איייניקע מאָל פעריאָדיש.

עס איז נאָך פאראן אן אויסערסט באדייטנדיקער ענין און דאָס איז די פ א ר אַ נ ט ו ו אָ ר ט ל ע כ ק י י ט פ ו ן ד י וו ע־נ ע ר י ש ע ק ר א נ ק ע. עס איז נויטיק, אז די וואָס ליידן אויף דער קרענק זאָלן וויסן, אז אין פארלויף פון א געוויסער צייט, אָפּ־הענגיק פון דער אינטענסיווקייט פון דער קרענק, זיינען זיי אָנ־שטעקנדיק, אזוי ארום איז נויטיק, אז דער קראנקער זאָל ניט פאר־זען אָנצונעמען די געהעריקע פאָרזיכטס־מיטלען אויף נישט צו פאר־אורזאכן קיין נייע קראנקע. באזונדערס איז וויכטיק, אז א וועגע־ריש קראנקער טאָר נישט הייראטן ביז ער באַקומט נישט קיין אוי־טאָריזאציע פון א קאָמפּעטענטן דאָקטאָר. א סך מאָל, זאָגט דער פּראָפעסאָר פורניע (באַציענדיק זיך צום טריפּער), הערט מען רע־דנדיק וועגן יונגע פרויען, וואָס זיינען געווען פולשטענדיק געזונט פאר דער חתונה, האָבן באלד נאָכן הייראטן אָנגעהויבן ליידן פון בויך־קראנקהייטן, ווי מען רופט עס געוויינלעך; וואָס מוזן ליגן אין

בעט מאָנאַטן און מאָנאַטן און וואָס טראָץ אלע היילונגען מוזן זיי סוף כל סוף אָנקומען צום אָפּעראַציע-טיש. אין דער מערהייט פאַלן איז עס א רעזולטאַט פון טריפּער, וואָס די פרוי האָט זיך אָנגענו־מען פון איר אומפאָרזיכטיקן מאַן, וועלכער איז קראַנק געווען פאַר דער חתונה און האָט זיך נישט אויסגעהיילט, אָדער ער האָט גע־רעכנט זיך אויסגעהיילט, ניט אָנפרעגנדיק ביי א דאָקטאָר, אויב ער איז טאַקע פולשטענדיק געזונט און מעג הייראַטן. אָט דער טריפּער, וואָס איז ביים מאַן מערסטנטיילס שוין א כראָנישער, רירט אָן אלע געשלעכטס-אָרגאַנען פון דער פרוי, ברענגענדיק די קאָנסעקווענצן וואָס איז זיך צום פאָרשטעלן.

די יוגנט דאַרף זיך דעריבער שטאַרק היטן פאַר די קראַנקהייטן. און אויב וועלכער עס איז האָט געהאַט דעם אומגליק זיך אָנשטעקן פון א וועלכער עס איז ווענערישער קרענק, דאַרף ער נישט ווערן פאַרצווייפלט, פונקט ווי ער דאַרף אויך נישט האַלטן פאַר מינדער־וויכטיק, ווייל פריער אָדער שפּעטער וועט ער פאַר א דערלאָזטער פאַרנאַכלעסיקונג דאַרפן גרויזאַם באַצאָלן אָדער אויף זיין אייגענעם קערפּער אָדער אויפן קערפּער פון זיינע ליבסטע. יעדער פּערזאָן, וואָס האָט געהאַט א ווענערישע קרענק איז פאַרפליכטעט פאַר דער חתונה צו לאָזן זיך אונטערזוכן פון א ספּעציאַליסט. צום באַדויערן עקזיסטירט נישט ביי אונז אין לאַנד דער פאַרפליכטנדיקער מ ע־ד י צ י נ י ש ע ר  פ אָ ר ה י י ר אַ ט-ס ע ר ט י פ י ק אַ ט, אָבער אַ באַוואוסטזיניקער מענטש דאַרף אליין פרייוויליק זען, אז א פאַר־טרויאונגס-ווערטער דאָקטאָר זאָל אים עקזאַמינירן.

מען דאַרף זיין זייער פאָרזיכטיק ניט ווענדן זיך אין וואָס פאַר א ס'איז אנאָנימע פלעצער, נישט צו לאָזן זיך פאַרפירן פון די כלומרשט

פ א ר א י נ ט ע ר ע ס י ר ט ע אָנאָנסן אין די צייטונגען און אף די עפנטלעכע קאָנפערענצן, ווייל אין מיין פּריוואטער פּראקטיק, ווי אויך אין שפּיטאָל ראוסאָן האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו טרעפן פּערזאָנען, וואָס האָבן קיינמאָל נישט געליטן פון קיין וועגערישע קראנקהייטן און וועלכע זיינען פונדעסטוועגן קאַטאַלאָגירט געוואָרן אין די פּסעוודאָ „וויסנשאַפטלעכע" ערטער אלס טריפּער-קראנקע. אויב א פּערזאָן וויל זיך מאַכן א פּאָרהייראטס-עקזאמען, ראט איך אים ער זאָל דאָס טאָן אין דער „אסיסטענסיא פּובליקאַ" אָדער אין די אָפּטיילונגען פאר וועגערישע קראנקהייטן אין די שפּיטעלער, וואו ערנהאפטע דאָקטוירים וועלן אים זאָגן דעם אמת און נאָר דעם אמת. און אויב זיך ווענדן צו א פּריוואטן דאָקטאָר, דארף עס געטאָן ווערן צו אזעלכע, צו וועלכן ער קען זיך פולשטענדיק פאר-טרויען. א סך מאָל, צוליב נעמען אין אכט די פאלשע פּראָפּאגאנדע, זיינען פולשטענדיק געזונטע געוואָרן אומגליקלעך, ווייל מען האָט זיי ארייננגעגעבן דעם גיפט פון צווייפל. מען דארף זיך נישט לאָזן אָפּנארן, ווען א דאָקטאָר זאָגט איינעם, אז ער איז קראנק, אויב ער שטעלט נישט פעסט די קרענק דורך די נויטיקע לאבאָראטאָריע-אנא-ליזן. סיידן די סימפּטאָמען זיינען אזוי אויגנשיינלעך, אז דער פאר-אינטערעסירטער גיט זיך אליין אָפּ רעכענונג פון זיין קרענק. אָבער כל זמן עס איז נישט פאראן קיין אָנזעעוודיקער סימפּטאָם א י ז ד ע ם פּ ר אָ פ ע ס י אָ נ אַ ל ס ב אַ ה ו י פּ ט ו נ ג א ן א ו מ-פ א ר ש ע מ ט ע ר ל י ג ן (ער זוכט נאָר אָפּצונארן צוליב קאָ-מערציעלע כונות). ווען ער באהויפּטעט מיט א דאָקטאָרשן טאָן, אז ער האָט אויסגעפינען א וועגערישע קרענק.

פון דעם פּאָרהייראטס-עקזאמען איז אָפּהענגיק דאָס שפּעטער-

דיקע פאמיליען-גליק. איך ראט עס צו טאָן. און איך ראט צוליב פאָלגנדן גרינטלעכן מאָטיוו: דער סיפילים איז א קרענק, וועלכע מען האָט אָנגעהויבן צו באקעמפן מיט דערפאָלג ערשט אין די לעצטע דרייסיק יאָר, נאָך דער אנטדעקונג פון ס א ל ו ו א ר ז אָ ן. פריער איז עס געווען זייער געוויינלעך, אז די סיפילים-קראנקע זאָלן אויבנאויפיק זיין אוסגעהיילט; ווען זיי פלעגן הייראטן, איז עס נישט געווען זעלטן, אז די קראנקע זאָלן אָנשטעקן זייער פרוי אָדער אז זייערע קינדער זאָלן געבוירן ווערן מיט א לייכטער אינפעקציע פון דער קרענק, באקומענדיק זיך אזוי ארום דער י ר ו ש ה-ס י פ י ל י ס. עס קען דערום זיין, אז א פערזאָן זאָל זיך אליין קיינמאָל נישט געהאַט אָנגענומען די קרענק, אָבער ער קען איר טראָגן אין זיין בלוט און ווייל אין דעם פאל איז די פאָרם זייער א לייכטע, זאָל עס נישט קומען צו קיין אויבנאויפיקע סימפטאָמען, דאָך הערט עס נישט אויף צו זיין א קוואל פאר ווייטערדיקער אָנ-שטעקונג. די ריינקייט פון בלוט קען נאָר פעסטגעשטעלט ווערן דורך די פרואוון און אנאליזן וואָס מיר האָבן אויבן באַשריבן. די ירושה-אינפעקציע איז אזוי היילבאר ווי די באקומענע, אזו ארום קען א פאָרהייראטס-עקזאמען אויפדעקן אן אומבאוואוסטזיניק איגנעאָריר-טע קרענק, וואָס ווען זי ווערט דערנאָך אין צייט באקעמפט און אויסגעהיילט, , ווערט פארמיטן יעדער שפּעטערדיקער אומגליק.

פינפטער קאפיטל

# סעקסועלע קראנקהייטן

א) פאלוציעס; ב) מאסטורבאציע; ג) אנאניזם; ד) סעקסועלע אויפגערייצטקייט; ה) סעקסועלע שוואכקייט; ו) אימפאטענץ; ז) זייער פארהיטונג און היילונג.

דער סעקסועלער אינסטינקט איז די פארם פון אונטערבאוואוסט־זיניקער אקטיוויטעט, מיט וועלכן די נאטור האט באשאנקען דעם מענטשן פאר דער פארזעצונג פון זיין מין. די נאטור האט עס באצירט דעם סעקסועלן אקט מיט דער אייגנשאפט פון פארשאפן און געניסן עכטן פארגעניגן, וואס ווען עס ווערט פראקטיצירט אין נאר־מאלע פארמען פארשאפט עס דעם מענטשלעכן וועזן די גרעסטע לעבנסבאפרידיקונג. אבער א סך מאל, שטרעבנדיק צו געניסן וואס עפטער פון דעם פארגעניגן, מיסברויכט דער מענטש און ער דער־גרייכט נאר צו דעגראדירן זיך פיזיש, גייסטיק און אין א סך פאלן אויך מאראליש. די קרענקלעכע עקזאלטירונג פון סעקסועלן אינ־סטינקט, קען זיך אויסדריקן אין א זייער פארשידנארטיקער פארם

און כאראקטער, אָבער דאָס דערפירט שטענדיק צו סעקסועלער אָפּ־שוואכונג, צו אימפּאָטענץ און אין אלגעמיין צו א גייסטיקער דעפּרע־סיע, וואָס קען זיך ענדיקן מיט משוגעת. די מענטשן, וואָס לעבן אונטערן איינפלוס פון איבערטריבענער שטרעבונג צו באפרידיקן זייערע סעקסועלע אַפּעטיטן, פארנאכלעסיקן זייערע באַשעפטיקונ־גען און בלייבן אומטויגבאר פאר א וועלכער עס איז נוצלעכער טעטיקייט צום גונסטן סאי פאר זיך אליין, סאי פאר זייערע נאָענטע, ווייל זייערע פיזישע און גייסטיקע קרעפטן פארלירן זייער ווירק־זאמקייט. די שטענדיקע סעקסועלע אויפגערעגטקייט און די אנאָר־מאלע מיטלען, וואָס ווערן באַנוצט, כדי עס אויפצוהאַלטן, קענען פארוואנדלען א גוטן און אינטעליגענטן מענטש אין א דעגענערירטן. אויסער דעם ברענגט מיט זיך די אימפּאָטענץ זייער אומאָנגענעמע קאָנסעקווענצן אין פאמיליען־לעבן און עס קען נישט זיין מער טרוי־עריק ווי א פּאָר פאָלק אָן קינדער. אויב עס איז אמת, אז אין דער מערהייט פאלן זיינען די דאָזיקע קראנקהייטן א רעזולטאט פון מיס־ברויך אין געשלעכטלעכן פארקער, זיינען אָבער אויך פאראן א סך פאלן ווען דאָס קומט אלס רעזולטאט פון א ווענערישער קרענק, בא־זונדערס פון א כראָנישן טריפּער.

א) פּאָלוציעס: די קרענק באַשטייט הויפּטזעכלעך אין אומווילקן אויסגוס פון דער זאַ־מען ־ פליסיקייט (ע ס פּ ע ר מ א) דאָס קומט פּאָר אָן א פּאָרונגס ־ אקט, אָן מאסטורבאציע; דאָס ווערט פאראור־זאכט צומייסטן ווי א רעזולטאט פון תאוהדיקע חלומות. דאָס קען געשען בייטאָג און ביינאַכט, מיט אן אויפהויבונג פון גליד אָדער אָן

דעם. אויב עס קומט אָן א פריערדיקער אויפהויבונג פון גליד, האַנ־
דלט זיך עס וועגן א ע ס פ ע ר מ אַ ט אָ ר ר ע אָ. דאָס איז צו
באַאָבאַכטן ביי יונגע מענטשן, וואָס פראקטיצירן אין א געוויסן גראד
סעקסועלע אָפּגעהאלטנקייט און ביינאַכט, דורך דער וואַרעמקייט
פון בעט, קומען עראָטישע חלומות, וואָס פאראורזאכן דאָס
פארלירן פון זאָמען־פליסיקייט. צום אָנהויב פארשאפן די פּאָלוציעס
א מין סענסאציע פון פרייד, פון וואוילזיין. מען פילט זיך וואכעדי־
קער, אזוי ווי קליגער, ער הויבט אָן זיין ארבעט אין דער פרי מיט
מער ענערגיע. אָבער אויב די פּאָלוציעס הויבן זיך אָן אָפט איבערצו־
חזרן, יעדע צוויי־דריי נעכט, הערט עס אויף צו זיין אן א נ ג ע־
נ ע מ ע ר פ א ל און ווערט פארוואנדלט אין אן אורזאך פון א
קרענק. דורך דער אָפטער איבערחזרונג פון דעם דאָזיקן פענאָמען,
קומט אָן א מידקייט, די געשלעכטס־אָרגאנען, וואָס ווערן נישט
געשטארקט דורך אן ע כ ט ע ר א י ב ו נ ג, פראקטיצירט אין
א רעגולערער מאָס, ווערן אָפּגעשוואכט; די עספערמא ווערט פליסי־
קער, די ליידנשאַפטלעכע חלומות הייבן זיך אָן אויסמישן מיט שווע־
רע, דערדריקנדע און דער זאָמען־אויסגוס הויבט אָן פאָרקומען אינ־
מיטן פון א שרעקלעכן חלום, אָן קיין שום פארגעניגן, נישט וועלנ־
דיק, און טראָץ דעם ווילן פון דער אָנגערירטער פערזאָן. אויפוואַ־
כנדיק אינדערפרי, פילט ער אן אלגעמיינע אָפּשוואכונג, א פיזישע
און גייסטיקע דערדריקונג, א שווערקייט אין קאָפּ, ער האָט נישט
קיין חשק ארויסצוגיין פון בעט און דאָס פעלן פון לוסט צו דער
ארבעט. אויב עס ווערן נישט אָנגענומען באַצייטנס קיין מיטלען, קען
דער דאָזיקער צושטאַנד פארשארפט ווערן און דערפירן ביסלעכווייז
צו סעקסועלער אָפּשוואכונג און צו אימפּאָטענץ. די נאכטיקע פּאָלו־

ציעס ווערן נאָכגעפאָלגט פון טעגלעכע, וואָס קומען צוליב וועלכן עס איז מאָטיוו; זיי קומען פאַר אָן קיין שום אויפהויבונג פון גליד און אָן קיין שום ליידנשאַפטלעך געפיל און אסך מאָל דערשיינען זיי נישט נאַר דורך אָנקוקן אויפרייצנדיקע קעגנשטאַנדן, נאַר אויך אין דער צייט פון לאָזן דעם אורין אָדער האָבן דעם מאָגן.

די היילונג פון דעם דאָזיקן צושטאַנד ווערט געפירט הויפט־זעכלעך אויף דער באזע פון היגיענע און שפּייזידיעטע. פריער פון אַלץ דארף דורכגעפירט ווערן רעגלמעסיק דער פאָרונגס־אקט, אָבער אָפטמאָל העלפט עס נים, די פּאָלוציעס הערן נישט אויף. אין דעם פאל איז ווינטשנסווערט צו מאכן פארשידענע פיזישע איבונגען, זיך לייגן שלאָפן אויף א הארטן קאָלטשאָן, אויפשטיין פרי, האלטן שטענדיק ריין דעם מאָגן (רייניקן דעם מאָגן טעגלעך אויב נים ספּאָנטאָן איז דורך לאקסאנטעס, ביז דער נאָרמאליזירונג), מען דארף זיך פארנעמען מיט ארבעטן, וואָס דערווייטערן סעקסועלע אויפרע־גונגען. עס איז צום רעקאָמענדירן קאלטע בעדער. ווי א מעדיצינישע באַהאַנדלונג איז נויטיק א היילונג אין דער אונטערשטער אורעטרא, וועלכע איז אין די פאלן אויפגערייצט.

ב) מ אַ ס ט ו ר ב א צ י ע: ווען די געשלעכטס - אָרגאנען ווערן אויפגערעגט דורך אן איינ־רייבונג פון די הענט אלצאיינס פון דערזעלבער פּערזאָן אָדער דורך א צווייטער, מיטן ציל צו פאראורזאַכן גע־שלעכטלעכע ליידנשאפט און שפּעטערדיקן אויסגוס פון דער עס־פּערמא, ווערט עס אָנגערופן מאַסטורבאציע. דאָס איז א פאַרדאָר־בנקייט, וואָס איז אזוי אלט ווי די מענטשהייט. די סיבה פון דעם

איז א פילפאכע. אָבער הויפּטזעכלעך זיינען פאראן צוויי הויפּט-סיבות: 1) אוים מורא פון זיך אָננעמען ווענערישע קראנקהייטן באַ-פרידיקן א סך פערזאָנען זייער סעקסועלן אפּעטיט דורך זיך אליין, דורך די הענט אָדער דורך רייבונגען אין בעט, אָן קישן אָדער אָן אומבאוועגלעכע פיגורן (מאניקים צום ביישפּיל). 2) דורך אן אנאָר-מאלער אנטוויקלונג פון סעקסועלן אפּעטיט און ניט האָבנדיק די מעגלעכקייט צו באפרידיקן זיך אין א וועלכן עס איז מאָמענט דורך א נאָרמאלן געשלעכטס-אקט (דאָס פעלן פון מיטלען, בחורשאפט, מיליטער, שול).

עס דארף דאָ אָנערקענט און פעסטגעשטעלט ווערן, אז די מאסטורבאציע איז ניט נאָר א פאקטאָר פון געזונט-צעשטע-רונג, נאָר איז אויך אן אָנגריף אויף דער מאָראל פון דער פערזאָן, וואָס פראקטיצירט עס. פון א וועלכן עס איז שטאַנדפּונקט איז עס אומווירדיק. די מאסטורבאציע איז א גרויזאמע פארדאָרבנקייט אין דעם זין, וואָס דער, וואָס האָט זיך איינמאָל צוגעוואוינט איז שוין דערנאָך זייער שווער זיך אָפּצוגעוואוינען און א סך מאָל איז נויטיק א זייער ענערגישע אָנשטרענגונג אויף אָפּצורייסן אים דער-פון. דאָס פארנעמען זיך מיט מאסטורבאציע הויבט זיך אָן צומייסטן נאָך גאָר אין די קינדער-יאָרן גאַנץ אָפט נאָך פאַר דאָס געשלעכט-לעך רייף ווערן און מען קען טרעפן קליינע אינגלעך און מיידלעך, פארנעמענדיק זיך מיט מאסטורבאציע, ווייל זיי האָבן זיך עס אויס-געלערנט פון עלטערע אָדער ווייל זייער סעקסועלער אינסטינקט איז שוין פארדאָרבן. נאָך דאָס געשלעכטלעך רייף ווערן, אין דער יוגנט, קען מען זאָגן, אז דאָס איז איינע פון די פארדאָרבענע געוואוינהייטן וואָס זיינען אמערסטן פארשפּרייט און וואָס פאראורזאכן די צעשטע-

רונג פון געזונט און פון גייסט פון די וואָס פארנעמען זיך מיט דעם. דאָס רירט אָן און שוואכט אָפּ דעם מוסקולן און נערוון - סיסטעם און דערפירט לאנגזאם צו די ערגסטע צושטאַנדן, צו שוואכזיני־קייט, צו צוריקגעשטאַנענקייט אין דער אנטוויקלונג און צו אזא אָפּ־שוואכונג פון אָרגאניזם, וואָס קען דורך דער קלענסטער אומפּאָרזיכ־טיקייט זיין גענויגט צו אָנעמען זיך פון א וועלכער עס איז קראנק־הייט. דער אפּעטיט פארקלענערט זיך, דער קראנקער ווערט בלאס, מאָגער, פארלירט זיין ארבעטס-ענערגיע און וואָס עס איז אמטרווי־עריקסטן, וואָס אפילו ווען ער גיט זיך שוין אָפּ רעכענונג וואָס מיט אים קומט פאָר, איז אים זיך זייער שווער מיטאמאָל אָפּגעוואוינען. נאָכן פארלירן דעם אַפּעטיט קומען אויך שפּעטער שטערונגען אין דער פונקציע פון די געדערים (צומייסטן דיארעאס). דער וואָס פאר־נעמט זיך מיט מאסטורבאציע א לאנגע צייט, פארקילט זיך זייער לייכט און איז זייער גענויגט צו באַקומען טובערקולאָז. אויסער דעם איז אים זייער שווער איינצושלאָפן און דאָס איז נאָך א פאקטאָר פאר מידקייט און אָפּשוואכונג. דער מאסטורבאדאָר פארלירט לייכט דעם זכרון, ער ווערט לייכט אויפגערעגט, איז מעלאנכאָליש; יעדער קליינקייט באלעסטיקט אים. ער שטעלט מיט זיך פאָר די פארצווי־פלונג אליין פאר זיינע נאָענטע. זיינע געשלעכטס־אָרגאנען ווערן אָן אָרט פאר אנטצינדונגען; עס איז זייער אָפט צו טרעפן ביי מאסטור־באַדאָרן עקזעמאס אויף דער הויט פונם גליד, אנטצינדונגען אין דער אורעטרא, צוליב וועלכע זיי דאכט זיך אָפּטמאָל, אז זיי האָבן זיך אָנגענומען א טריפּער, אָן אָפּטקייט אין וועלן לאָזן אורין. די מאס־טורבאַציע ברענגט מיט דער צייט א סעקסועלע אָפּשוואכונג און דער פירט צו אימפּאָטענץ. ס'איז גאנץ געוויינלעך, אז א מאסטורבאדאָר,

וואָס וואָרפט ניט אוועק צו דער צייט דידאָזיקע פאַרדאָרבענע גע־וואוינהייט, זאָל אָנהויבן מערקן אָן אָפּשוואַכונג פון דער ראיה און פון געהער. די נאַכטיקע און טעגלעכע פּאָלוציעס ווערן עפטער און צו־זאַמען מיט דער מאַסטורבאַציע דערפירט עס צו דעם אַלגעמיינעם חורבן פון אָרגאַניזם. צומייסטן לייקנט דער מאַסטורבאַדאָר זיין פאַר־דאָרבענע געוואוינהייט, אָדער אויס שעמעוודיקייט אָדער אויס ציי־ניזם. די מאַסטורבאַציע איז אויך צו טרעפן ביי פרויען און די כאַ־ראַקטעריסטיק פון די סימפּטאָמען איז די זעלבע.

פאַרהיטונג און היילונג: אויף אויסצומיידן אָט די פאַרדאָרבענע געוואוינהייט איז נויטיק, אַז ביים קלענסטן פאַר־דאַכט זאָלן די עלטערן נאָכשפּירן נאָך זייער קינד. אין די שולן און אין אַלגעמיין וואו עס קומען זיך צונויף יונגוואַרג, איז נויטיק אַ פאַרשטאַרקטע אָפּהיטונג. די עלטערן און לערער דאַרפן נישט פאַרנאַכלעסיקן דאָס נאָכשפּירן איבער די קינדער. אָבער דאָס דאַרף געמאַכט ווערן, אַז די קינדער זאָלן עס נישט מערקן. אויסער דאָס איז נויטיק צו דערווייזן די קינדער דורך אַ צוגעפּאַסטער סעק־סועלער דערציאונג, וועגן די אַלע געפאַרן וואָס קומען פון די סעק־סועלע פאַרדאָרבנקייטן. עס איז ניט נויטיק צו וואַרטן, אַז די שלעכ־טע געוואוינהייט וועט זיך אַנטוויקלען, כדי אָנצונעמען די נויטיקע מאָסמיטלען, עס איז נויטיק צו פאַרמיידן, אַז דאָס קינד זאָל איבער־נעמען אָט דאָס שלעכטס. קעגן דער מאַסטורבאַציע איז נישטאָ קיין בעסער מיטל, ווי די שטענדיקע וואָרענונג צום באַוואוסטזיין פון דעם וואָס פאַרנעמט זיך מיט דעם, וועגן דער געפאַר, וואָס עס שטייט אים פאָר. מען דאַרף אים באַקענען מיט די אַלע פיזישע און גייסטיקע ליידן, וואָס דאָס קען אים פאַרשאַפן; מען דאַרף אים אָנ־

ווייזן אויף דער מאָראלישער דעקאדענץ, צו וועלכן דאָס דערפירט און מען דארף אים דערקלערן, אז מיט דעם וואָס ער וועט אויפהערן פון זיין שלעכטער געוואוינהייט, וועט ער אויסמיידן א רייע סעקסועלע צערודערונגען, די געפערלעכסטע פון וועלכע עס איז די אימפּאָטענץ. אויף צו באַקעמפן אָט די קרענק איז נויטיק א לעבנס-רעזשים אויף פרישער לופט, פּראקטיצירן פיזישע איבונגען און אָפט מאָל איז נויטיק בייטן דעם קלימאַט אָדער דעם אַמביענט. די מעדיצינישע באַהאַנדלונג באַשטייט אין איינשטעלן א רעזשים פון פ אָר ט י פ י צ י ר ו נ ג ע ן און היילן די מעגלעכע געבוירענע ד ע פ ע ק ט ן אין די געשלעכטס-אָרגאנען, וואָס קענען זיין די אורזאך פון אָט דער פּלאָג. דער דאָקטאָר דארף אומבאַדינגט אָנ-ווייזן דעם קראנקן וועגן דער געפאר וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר די מאסטורבאציע.

ג) אָ נ א נ י ז ם: דער דאַזיקער סעקסועלער פעלער האָט באַקומען דעם נאָמען פון אונן, וועלכער האָט אין זיינע ב א צ י א ו נ ג ע ן מיט ת מ ר, די אלמנה פון זיין ברודער ע ר (בראשית סדרה וישב, פרשה חמישי) וויסנדיק, אז די קינדער וואָס ער קען מיט איר האָבן, וועלן אלצאיינס צו אים נישט געהערן, פלעגט ער אין מאָמענט פון סעקסועלער ספּאַזמע, אויסגיסן דעם זאָמען אויף דער ערד. דאָס מיינט אז אָנאַניזם הייסט די שלעכטע געוואוינהייט פון די, וואָס ביים דורכפירן זייער פּאָרונגס-אקט, מורא האָבנדיק פאר דאָס שוואנגערן, ציען ארויס זייער מענלעכן גליד אין דעם מאָמענט ווען עס דארף פאָרקומען דער אויסגוס פון דער עספּערמא, דאָס וואָס מען רופט געוויינלעך אומ-

פולשטענדיקער אָדער איבערגעריסענער פאָרונגס־אקט. אָט די שווינדלערישע פארבינדונג האָט אלס ציל צו דערגרייכן דעם גענוס פון ליבע, אויסמיידנדיק די שפּעטערדיקע פאָלגן. אָבער דער רעזול־טאַט פון דעם איז פריער פון אלץ די פּרוכטלאָזיקייט פון דער פרוי און צווייטנס, די דערשיינונג פון א גאנצער ריי צערודערונגען אין דעם וואָס פראקטיצירט עס. ס׳זיינען דאָ פּאָטערס, וואָס בארעכטיקן עס מיט דעם, וואָס זיי קענען נישט אויסהאלטן מער קיין קינדער אויסער די וואָס זיי האָבן שוין און עס זיינען אויך פאראן פרויען, וואָס האלטן זיך אָן די מאָטיוון, איבערגעבנדיק זיך, בלויז, אויף צו זיין אן אינסטרומענט פאר פארגעניגן. דער אָנאַניזם פאָדערט פון מאן אין דעם מאָמענט פון סעקסועלן אקט אן אָנגעשטרענגטע אויפ־מערקזאמקייט, מיט דער געהעריקער אויסנוצונג פון די נערוון. עס איז זייער אָפט צו זען ביי ביידע געשלעכטער די דערשיינונג פון פארשידנארטיקע נערוון־סימפּטאָמען, אלס רעזולטאַט פון דעם פּע־לער. צווישן אנדערע: די מידקייט פון מוח, די נעווראסטעניע און היסטעריע, הארצקלאפּונגען, די אָנזאמלונג פון פליסיקייט אין די לונגען, די צערודערונג פון די פארדייאונגס־אָרגאנען און אלס רעזול־טאַט פון אלץ די צעשטערונג פון געזונט. אויסער דעם טרעפט א סך מאָל, אז דער איבעריים אין דעם אקט קומט נישט אין דער צייט און אביסל זאָמען בלייבט דאָך אין דער געביר־מוטער, דאן קומט אלצ־איינס דאָס שוואנגערן און דער מאן, וועלכער איז זיכער, אז ער האָט אלץ געטון ווי ג ע ה ע ר י ק הויבט אָן צו פארדעכטיקן זיין אומשולדיקע פרוי און עס איז נישט זעלטן, אז פון דעם קומען אויף שפּעטערדיקע פאמיליען־טראגעדיעס. דער אָנאַניזם דערפירט זייער אָפט, אויב מען הערט נישט אויף אין צייט, צו סעקסועלער

אָפּשוואַכונג און צו אימפּאָטענץ, ווייל די געשלעכטס-אָרגאַנען ווערן דורכן אומנאָרמאַלן פאַרקער גענויגט צו אַנטצינדונגען.

פ א ר ה י ט ו נ ג און ה י י ל ו נ ג: די פאַרהיטונג איז זייער לייכט ווען יעדער זאָל נאָר וויסן די קלאָרע באַדייטונג, וואָס עס מיינט: פאַרהייראַט לעבן. אויב דאָס פּאָר־פאָלק וויל נישט האָבן קיין קינדער, איז דאָס פּראַקטישסטע מיטל צו נוצן אַ פּרעזערוואַטיוו. יע־דער אַנדערער מיטל איז ניט ווירקזאַם. די היילונג באַשטייט אין אַ באַלדיקן אויפהערן פון פּראַקטיצירן, ווייל דאָס פאַרזעצן מיט דער פעלערהאַפטער געוואוינהייט ברענגט צו די צושטאַנדן פון פיזישער און גייסטיקער איינפאַלונג, ווי מיר האָבן עס אויבן באַשריבן.

ס ע ק ס ו ע ל ע אויפגערייצטקייט: ווען דאָס געשלעכט באַקומט די אויי־בערמאַכט אין אַלע איבעריקע האַנדלונגען פון מ ע נ ט ש נ ס ל ע ב ן, הייסט עס, אַז דער געגעבענער פּערזאָן ליידט פון סעקסועלער אויפ־רייצונג. דאָס איז אַ צושטאַנד, וואָס איז צו באַאָבאַכטן ביי פּערזאָנען ביי וועמען זייערע געשלעכטס-אָרגאַנען זיינען צופיל אַנטוויקלט נאָך פון זייער פריער יוגנט. דאָס געהערט צום טעמפּעראַמענט און איז אָפּהענגיק פון די פּערזענלעכע אייגנשאַפטן, פון קלימאַט און אויך פון געשלעכט; דאָס טרעפט עפטער צווישן מענער ווי פרויען. אָבער די סעקסועלע אויפרייצונג קען אויך קומען פון אַ קרענקלעכן צושטאַנד פון אַ טייל פון געשלעכטס-אָרגאַן, די טייל וואָס געפינט זיך אין דעם אונטערשטן טייל פון דער אורעטראַ איידער עס הויבט זיך אָן די בלאָז (אורין-פּענכער) און וואָס מען רופט: ו ו ע ר ו

מ אָ נ ט אַ נ אָ. דאָס איז א קליינינקער אָרגאַן, וואו עס געפינען זיך די קאַנאַלן דורך וואנען עס גייט דורך די עספערמא אין דער אורעטרא אריין, און וועלכע, לויט די פאָרשונגען פון דער מאָדער־נער וויסנשאַפט, נעמט עס א גרויסן אַנטייל אין דער רעגולירונג פון דער סעקסועלער אקטיוויטעט. דער דאָזיקער אָרגאַן קאָן זיך אַנט-צינדן, סאי אלס רעזולטאט פון א טריפּער אָדער אלס רעזולטאט פון א לענגערן פארנעמען זיך מיט מאסטורבאציע אָדער אַנאַניזם. אין אָנהויב פאראורזאכט די אַנטצינדונג פון דאָזיקן אָרגאַן א סעקסועלע אויפרייצונג. אזוי ארום שטעלט זיך איין א פארכישופטער קרייז: אלס רעזולטאט פון מאסטורבאַציע אָדער אָנאַניזם באקומט זיך די סעקסועלע אויפרייצונג, וועלכע טרייבט דעם, וואָס פארנעמט זיך מיט דעם, צו פארשטאַרקן און אָפטער צו פּראַקטיצירן זיין סעקסו־עלע פארדאָרבענע געוואוינהייט און אלס רעזולטאט פון דעם ווערט דער אָרגאַן ו ו ע ר ו מ אָ נ ט א נ אָ אלץ מער אַנטצונדן. אויף צו פארענדיקן מיט דעם דאָזיקן צושטאַנד, איז דאָס ניצלעכסטע אַ מעדיצינישע באַהאַנדלונג קעגן דעם ווערו מאָנטאניטים (ווי מען רופט מעדיציניש די אנטצינדונג פון דער ווערו מאָנטאנא), א היי־לונג, וואָס דארף דורכגעפירט ווערן דורך אַ ספּעציאַליסט, ווייל מען דארף היילן אָט דעם קליינעם אָרגאַן דורך באַנוצן אזעלכע ספּע־ציעלע אינסטרומענטן און פליסיקייטן. דורך אזעלכע קוראציעס זעט מען פארשווינדן די סימפּטאָמען. אויסער דעם דארף דער פּאציענט זיין אונטערגעוואָרפן צו א ספּעציעלן שפּייז-רעזשים (ער מוז זיך אָפּהאלטן פון פיקאַנטע און אויפרייצנדיקע שפּייזן און פון אלקאָהאָ־לישע געטראנקען).

אויב דער, וואָס ליידט אויף סעקסועלער אויפרייצונג מיינט, אז

דאָס איז א צייכן פון מענלעכקייט, וועט ער זיך גיך איבערצייגן אין דאָס פארקערטע, ווייל עס וועט אים דערפירן צו סעקסועלער אָפּ-שוואַכונג. עס איז דעריבער ראטזאם, ביי די ערשטע סימפּטאָמען, אָנעמען די נויטיקע פּאָרזיכטס-מיטלען, זיך לאָזן עקזאמינירן ביי א ספּעציאַליסט, וועלכער וועט נאָך דאָס פעסטשטעלן פון די סיבעס, אונטערנעמען די געהעריקע היילונג.

ז) סעקסועלע אָפּשוואכונג: דאָס איז א כראָנישער פעלער פון א זייער אָפּטער דערשיינונג.

אלס אלגעמיינער כלל באַשטייט די הויפּט-סיבה אין דאָס פארנעמען זיך מיט מאַסטורבאַציע אָדער אָנאַניזם. ביי פּערזאָנען, וועלכע זיינען דורך זייער טעמפּעראמענט גענייגט פאר צופאלן פון נערוועזער דעפּרעסיע, זיינען באזונדערס מסוגל, דורך פּראקטיצירן זייערע סעקסועלע פארדאָרבענע געוואוינ-הייטן צו ליידן פון דעם פעלער, פון סעקסועלער אָפּשוואכונג, וואָס באַשטייט הויפּטזעכלעך אין ניט קענען פארענדיקן דעם פּאָרונגס-אקט. די אויפהויבונג פון גליד, קומט פּאָר כמעט נאָרמאל, אָבער ווען עס דערגייט צום בארואיקונגס-מאָמענט, איז אים שווער דורכצופירן. אין אזעלכע אומשטענדן ווערט דער קראנקער פארצווייפלט, מיט וועלכן ער באַשווערט זיך נאָך מער צו דערגרייכן זיין ציל.

אין דער דאָזיקער קרענק, מער ווי אין א וועלכער נישט איז אַנדערער, באַשטייט די סיבה הויפּטזעכלעך אין דער אַנטצינדונג פון דעם קליינעם אָרגאַן, וואָס, ווי מיר ווייסן שוין, הייסט ער ווערו מאָנטאנאַ. מען טאָר נישט פארנאכלעסיקן אָט די סימפּטאָמען, ווייל זיי שטעלן מיט זיך פּאָר דעם אלארם-צייכן פאר א מער ערנסטן פּראָ-

צעס ווי דאָס איז: די אימפּאָטענץ. די היילונג פון דער סעקסועלער שוואכקייט איז זייער א לייכטע. מצד דעם קראנקן איז נויטיק א זעלבסטבאווירקונג אין דעם זין, אז אויב ער איז א מאסטורבאַדאָר אָדער אָנאָניסט, אוועקצואווארפן די דאָזיקע פעלערן, צווייטנס זיך ניט לאָזן אריינפאלן אין פארצווייפלונג, אין מעלאַנכאָליע, פאר־קערט, ער דארף באַוואוסטזיניק קעמפן מיט זיינע נערוון, ווייל ער דארף וויסן, אז דאָס איז א זאך, וואָס איז זייער לייכט זיך אויסצו־היילן. די מעדיצינישע באַהאַנדלונג איז זייער א שנעלע און א לייכ־טע; אין א גאָר קורצער צייט זעט זיך דער קראנקער פולשטענדיק געזונט.

ו) אימפּאָטענץ אין דעם וויסנשאַפטלעכן זין פון דעם דאָזיקן וואָרט מיינט אימפּאָטענץ די אומעגלעכקייט צו דורכפירן נאָר־מאל א געשלעכטלעכן אקט, צוליב דער אָפּוועזנהייט פון יעדן באַ־פרוכפערונגס־געפיל און פון דער אומעגלעכקייט צו דערגרייכונג די אויפהויבונג פון מענלעכן גליד. אין דער ווירקלעכקייט איז אויך פאראן א ווייבלעכע אימפּאָטענץ, אָבער וואָס עס איז אמאָפטסטן צום באַאָבאַכטן, איז עס די אימפּאָטענץ פון דעם מאן.

וועז עס פעלט יעדער באפרוכפערונגס־געפיל, דאָס מיינט, ווען עס פעלט יענער אינסטינקט, וועלכער טרייבט דעם מאן צו זוכן דאָס צוזאמענזיין מיט א פרוי, קען מען דאן זאָגן, אז די אימפּאָ־טענץ איז אן אבסאָלוטע, ווייל צום מייסטן איז עס א רעזולטאַט פון א טיפער וואונד אין די אָרגאנען, וואָס קאָנטראָלירן און רעגולירן די סעקסועלע פארלאנגען און די היילונג פון וועלכע עס איז זייער

אַ שווערע. דאָס אויסשניידן פון די טעסטיקולאָס (אייער), ווי עס טוען די טערקן אויף צו באַזאָרגן זיך מיט היטערס פאַר זייערע האַ-רעמען, איז דער מער דעמאָנסטרירנדער פאקט פון פארלירן יעדן סעקסועלן געפיל, אָבער ווען די געשלעכטס - אָרגאַנען זיינען יאָ פאראַן, ווען זיי זיינען נאָרמאל, ד. ה. ווען דער סעקסועלער אינ-סטינקט עקזיסטירט און מען קען דאָך נישט דערגרייכן די אויפשטע-לונג פון גליד און צו דורכפירן דערנאָך דעם פאָרונגס-אקט, שטעלט עס מיט זיך פאָר א זייער אומאנגענעם בילד פון אימפאָטענץ, ווייל פארמאָגנדיק סעקסועלע פארלאנגען, קען דער קראנקער זיי דאָך נישט באפרידיקן. ווען מען איז א בחור, ווי אומאנגענעם דאָס זאָל נישט זיין, פארמאָגט עס אָבער נישט די כאראקטעריסטישע טראַ-געדיע דעמאָלט ווען מען איז א פארהייראטער. די אימפּאָטענץ איז אין א סך פאלן דער מאָטיוו פאר גטן, וואָס ווערן באגלייט מיט די ביטערסטע פאָר פאָלק סצענעס. אין אונזער שטודיום אינטערעסירט אונז נישט די אימפּאָטענץ, וואָס איז א רעזולטאט פון דאָס פעלן אָדער פון דער ווייניקער אנטוויקלונג פון די געשלעכטס-אָרגאַנען, נאָר יענע, וואָס איז א רעזולטאט סאי פון פ א ר נ ע מ ע ן ז י ך מ י ט ס ע ק ס ו ע ל ע פ א ר ד אַ ר ב ע נ ע ג ע - ו ו א ו י נ ה י י ט ן, און סאי די וואָס ווערן אנערקענט אלס רע-זולטאט פון געוויסע נ ע ר ו ו ן - צ ו ש ט אַ נ ד ן.

די מאסטורבאַציע און דער אָנאַניזם, אָט די פּלאָגן, וועלכע זיי-נען אזוי באַקאַנט אין אלע צייטן און וואָס איז אזוי אלט ווי די מענטשהייט אליין, ווען דער וואָס פארנעמט זיך מיט דעם, הערט עס נישט אויף, טראָץ די וואָרענונגען פון זיינע נאָענטע און פון דאָקטוירים, וועט ער סוף כל סוף דערפילן די אָרגאנישע אָפּשוואַ-

כונג, צו וועלכן דאָס דערפירט; די מאסטורבאציע און דער אָנאַניזם זיינען די הויפט־סיבה פון אימפּאָטענץ. ביסלעכווייז הויבט אָן דער קראנקער צו באמערקן ווי זיינע סעקסועלע פארלאנגען הויבן זיך אָן אויסלעשן און ווי עס פארשווינדט די לייכטקייט פון גליד־אויפ־שטעלונג. אפילו ווען דער סעקסועלער אינסטינקט און פארלאנג האלטן זיך נאָך, ווערט אָבער זייער שווער דאָס דורכפירן דעם פּאַ־רונגס-אקט, ביז דער פולשטענדיקער אומעגלעכקייט עס דורכצופירן. דער קאנדידאט אויף אימפּאָטענץ הויבט אָן באמערקן, אז דעם פּאָרונגס-אקט קען ער דורכפירן נאָר אין א באַשטימטן מאָמענט און נישט מיט יעדער פרוי. ביי דעם פארהייראטן, דורך דעם פּאָליגאמי־שן אינסטינקט פון יעדן מאן... הערט אויף דאָס אייגענע ווייב צו דערוועקן ביי אים א וועלכן עס איז סעקסועלן אפּעטיט און אפילו ווען דער סעקסועלער אַפּעטיט צום אייגענעם ווייב עקזיסטירט נאָך, איז די פּרוכטלאָזיקייט פון די פּרואוון, דערפירן, ערשטנס, צו א נערוון־דעפּרעסיעביים מאן, מיט אַ טענדענץ צו א מעלאנכאָליע און ביי דער פרוי ברענגט עס מיט דער צייט א געפיל פון אָפּנייגונג און גרינגשעצונג קעגן איר אימפּאָטענטן מאַן.

אין אנדערע פאלן טרעפט, אז פּערזאָנען פולשטענדיק נאָרמאלע, אָן פעלערהאַפטע סעקסועלע געוואוינהייטן, אָבער צוליב וועלכער עס איז סיבה, באזונדערס פון מאָראלישן כאראַקטער, ווערן אָנגעגריפן פון אימפּאָטענץ, דאָס איז די נערוועזע אימפּאָטענץ. דאָס שעמען זיך פאר דער געליבטער פרוי, א באזונדערס אויפגערייצטער צושטאַנד אין דער נאַכט פון דער חתונה, א שטערונג אין די געשעפטן א. א. וו. דאָס אלץ קען ביים מאַן פאראורזאכן אין א געוויסן מאָמענט אן אימפּאָ־

טענץ. די דאָזיקע סאָרט אימפּאָטענץ האָט ניט קיין שום באדייטונג; אויב דער וואָס ליידט אויף דעם איז א מענטש מיט א קריטעריום, וועט ער זיך גלייך געבן רעכענונג וועגן דער סיבה פון דער זעלבער און באקעמפנדיק עס, וועט ער זיך אויסהיילן אין געציילטע טעג.

די אימפּאָטענץ, וואָס מען דאַרף באַקעמפן, איז די, וואָס קומט פון פארנעמען זיך מיט פארדאָרבענע סעקסועלע געוואוינהייטן און וועגן דעם וועלן מיר דאָ רעדן:

פ א ר ה י ט ו נ ג און ה י י ל ו נ ג: יונגע מענטשן וואָס האָבן פארלאָרן זייער פּאָטענץ דורך אַ מיסברויך אין זייערע סעקסועלע פארגעניגונגס, קענען זיך שנעל אויסהיילן דורך א סעקסועלער צו-ריקגעהאלטנקייט אין משך פון א געוויסער צייט און דערנאָך פירנ-דיק א מעסיק סעקסועל לעבן. דאָס אלץ דארף באגלייט ווערן פון א היגיענישער דערנערונג, וואָס זאָל פארמיידן די איבערהיזרונג פון דער קרענק.

די מאַסטורבאַדאָרן און אָנאַניסטן מוזן אוועקווארפן פולשטענ-דיק זייערע שלעכטע געוואוינהייטן, אין קעגנפאל וועלן אלע מיט-לען וואָס מען וועט אָנווענדן פאר זייער היילונג, ניט קענען האָבן קיין שום רעזולטאט. דער שפּעטערדיקער נאָרמאלער געשלעכטלע-כער פארקער מיט דער פרוי וועט אים אומקערן ביסלעכווייז זיין מענלעכקייט.

די היילונג פון אימפּאָטענץ פאָדערט אויסער אלעמען א לעבנס-רעזשים אויף דער פרייער לופט, פארנעמען זיך מיט פיזישע איבונ-גען און א געהעריקער דערנערונג, אין וועלכער עס טאָר נישט אריינ-גיין קיין שום פּיקאנטעס ווי פעפער, גאָרטשיצע, זויערע אוגערקע און יעדער אנדערע געזאלצנס. מען דארף זיך אָפּהאלטן פון אלקאָ-

האַלישע געטראנקען ווי אויך פון אויפרעגנדיקע (ליקאָר א. א.).

די פונקציע פון דאָקטאָר, אין די פאלן, באַשטייט, אין אויפ־מערקזאמען באַטראכטן די געשלעכטס-אָרגאנען פון קראנקן מיטן ציל אויסצוגעפינען, אויב עס איז נישט פאראן וועלכער עס איז פעלער וואָס זאָל באַשווערן די אויבנבאַצייכנטע באַהאַנדלונג. כמעט ביי אלע אומשטענדן איז שטענדיק פאראן א געוויסע אויפרייצונג אין דעם ווערו מאָנטאנא, וואָס עס דארף באהאנדלט ווערן אין דער פאָרם ווי מיר האָבן אויבן אָנגעוויזן. אין די מערהייטס פאלן דארף מען דעם פאציענט געבן געוויסע ספּעציעלע רפואות אויף דער באזע פון דריזן פון חיות, כדי צו פארלייכטערן און פארשנעלערן די היילונג. אָפטמאָל קען זיך עס פארציען, אָבער דער פאציענט דארף נישט פארלירן די האָפענונג, ווייל אויב ער איז יונג און באזיצט א ווילן, וועט ער זיך זיכער אויסהיילן.

# שלום-באטראכטונגען

מיין גרעסטער פארלאנג איז, אז דער וואָס וועט לייענען דאָס דאָזיקע ביכל, זאָל זיך דורכדרינגען מיט זיין אינהאלטס-מיין. אלץ וואָס אין אים איז געשריבן, איז א רעזולטאט פון א סך יאָרן פון דערפארונג און עקספעריענץ. איך האָב געהאט דעריבער די געלעגנהייט צו עקזאמינירן און צו היילן פון דעם איינפאכסטן סעקסועלן פעלער ביז דער סאמע קאָמפליצירטסטער ווענערישער קרענק און איך האָב שטענדיק געהאָט די גרויסע אינערלעכע באַפרידיקונג צו דערגרייכן דאָס ארייננפירן די קראנקע צוריק אין דעם אלגעמיינעם לעבן, אזוי ווי זיי זיינען עס געוועזן פאר דעם אַקצידענט, וואָס האָט זיי צו מיר געבראכט. א ווענערישע קרענק איז נישט מער ווי נ אָ ך א ק ר ע נ ק און נאָר ווי אזעלכע דארף זי באַטראכט ווערן. יעדער פאָראורטייל, יעדע פאלשע שעמעוודיקייט, דאָס איינציקע וואָס דאָס ברענגט איז נאָר א פארערגערונג פון דער צרה. די וואָס האָבן געבראָכן זייער נאָרמאלן געשלעכטלעכן לעבן, דארף אָט די באַקענונג מיט די געפארן וואָס דאָס ברענגט, זיין א

מאַטיוו זיי זאָלן אוועקוואַרפן זייערע פאַרדאָרבענע געוואוינהייטן.

די יוגנט איז אַן אוצר, וועלכע מען קען אָפּשאַצן נאָר ווען מען פאַרלירט עס; מען דאַרף דעריבער זען פאַרהאַלטן עס אויף אַ וואָס מעגלעך לענגערער צייט און דאָס קען דערגרייכט ווערן, אויס־שליסלעך, ווען מען פּילט אויס די נאַטור געבאָטן, אין איינקלאַנג מיט די געזעצן, וואָס די נאַטור האָט געשאַפן.

# דרוק־פעלערן:

| זייט | שורה | געדרוקט | דארף זיין |
| --- | --- | --- | --- |
| 13 | פאַרלעצטע | קאפיטל 4 | קאפיטל 5 |
| 42 | 10־טע | פעראַד | פעריאָד |
| 50 | 22־טע | וועכינא | וועכיגא |
| 52 | 17־טע | אוב | אויב |
| 52 | 18־טע | ד | די |
| 64 | 22־טע | גייסו | גייס־ |
| 65 | 3 ־טע | מיליטער שול) | טיקטע שלוסן. |
| 88 | 10־טע | פארגעניגוננס | פארגעניגנס |

Talleres Gráficos "Cultura", Sarmiento 2157,
U. T. 47 Cuyo 5164, Buenos Aires.

# ENFERMEDADES VENEREAS
# Y SEXUALES

Por el Dr. MARCOS DINER

EDITADO POR LA
**LIBRERIA G. KAPLANSKY**
CORRIENTES 2614 BUENOS AIRES